# שקרים

## אין דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור

אונ מיין פּראָצעס געגען יוליוס שטרייכער
און זיין חבריא

פון

## שלמה גליקסמאַן

הרב דעדת החרדים „לינת הצדק אף בארא פּאַרק״

פ ר י ה ע ר :
רב דעדת החרדים „אהל יצחק״ דאַנציג ;
לייטער פונ׳ם סעמינאַר פאַר אידישער געשיכטע,
תנ״ך און תלמוד אין דאַנציג ;
אָפיציעלער קאָנסולטאַנט פאַר דאַנציגער, פּוילישע
און ארץ־ישראל׳דיגע ווירטשאַפטליכע און רעכטליכע ענינים
א י ן  ד ע ר  פ ר י י ש ט אָ ט  ד אַ נ צ י ג .




ניו־יאָרק, ת״ש

זאָלסט זיין פון די תלמידים פון אהרן: זאָלסט ליב האָבען שלום, זאָלסט שטרעבען צו שלום, זאָלסט ליב האָבען מענשען און זאָלסט זיי דערנעהענטערען צו דער תורה.

(אבות, פרק א׳, משנה י״ב).

שמעון הצדיק פלעגט זאָגען: אויף דריי זאַכען שטייט די וועלט: אויף תורה־לערנען, גאָט־דינען און טהאָן גוטס צו מענשען.

(אבות פרק א׳, משנה ב׳).

מלחמה קומט אויף דער וועלט צוליב פאַרמיידען גע־רעכטיקייט, נעמען שוחד און פעלשען די דינים פון דער תורה.

(אבות פרק ה׳, משנה ח׳).

# אינהאַלט:



### הוספה

# פאָרוואָרט צו דער אידישער אויסגאַבע

דאָס דאָזיגע בוך איז אַרויסגעגעבן געוואָרען אויף דייטש אין 1934, דורך דעם פאַרלאַג פון יאַקאָב לאַנגע, אין דאַנציג, וואו איך האָב געוואוינט נאָך דעם, ווי איך בין געצוואונגען געווען צו אַנטלויפען פון בערלין, אין 1933. אין דער דייטשער אויסגאַבע זיינען נאָך ניט געווען פאַרעפענטליכט די מאַטעריאַלען, וואָס האָבען אַ שייכות מיט מיין געריכטליכער אָנקלאַגע צום הויפּט-פּראָקוראָר פון דער פריי-שטאָט דאַנציג געגען די שווינדלערייען און גאָט-לעסטערונגען פון יוליוס שטרייכער און זיין חבריא, ווייל דאָס בוך האָט זיך געדרוקט נאָך איידער די אָנקלאַגע איז געמאַכט געוואָרען.

צו דער איצטיגער אידישער אויסגאַבע, פּונקט ווי צו דער ענגלישער אויסגאַבע פון דעם בוך, זיינען צוגעגעבען געוואָרען, אין אַ הוספה, די מאַטעריאַלען פון דער אָנקלאַגע געגען שטרייכער׳ן, און איך האָף, אַז זיי וועלען זיין אינטערעסאַנט פאַר דעם אידישען לייענער, וועמען דער ענין גייט דירעקט אָן.

די דייטשע אויסגאַבע איז פאַרשפּרייט געוואָרען הויפּטזעכליך אין דאַנציג, טשעכאָסלאָוואַקיע און אין עסטרייך. אין דייטשלאַנד האָט דער פּראָפּאַגאַנדע-מיניסטער יאָסעף געבעלס דאָס בוך אָפיציעל פאַרבאָטען, ווען ער האָט זיך דערוואוסט וועגען איהם פון אָפּהאַנדלונגען אין דער אויסלענדישער פּרעסע. כאָטש אין

דאַנציג האָט זינט 1933 געהערשט די נאַציאָנאַל־סאָצי־
אַליסטישע פּאַרטיי, האָט זיך מיר פונדעסטוועגן איינ־
געגעבען אָפּצודרוקען דאָס בוך און אפילו אָנגעבען
צום פּראָקוראָר אַ לעגאַלע אָנקלאַגע געגען יוליוס
שטרייכער און זיין חבריא, ווייל איך בין געווען אין
דער מיינונג, אַז דאַנציג, אונטער דעם אַרטיקעל 102
פון ווערסאַלער טראַקטאַט און אונטער דער שוץ פון
דער פעלקער־ליגע, איז אַ פרייעשטאַט, אומאָפּהענגיג
פון דייטשען רייך, און וועט דערפאַר אונטערשטיצען
מיין אָנקלאַגע געגען שטרייכערען.

די פילצאָליגע פּערזענליכע דראָהונגען, וואָס
איך האָב באַקומען, אַז איך זאָל דאָס בוך ניט דרוקען,
האָבען מיך ניט אָפּגעהאַלטען פון טאָן אַן אַרבייט,
וואָס איך האָב געהאַלטען פאַר מיין פליכט און פאַר
אַ יושר׳דיגער זאַך.

איך האָב בתמימות געגלויבט, אַז די פעלקער־לי־
גע וועט נישט דערלאָזען קיין שום פּרוב פון אָנגרייפען
מיין רעכט אויף פריי־אַרויסזאָגען מיינע מיינונגען אין
אַ שטאָט, וואָס שטעהט אונטער אַן אינטערנאַציאָנאַ־
לער השגחה, לויט׳ן ווערסאַלער טראַקטאַט. מיין גלוי־
בען איז נאָך באַפעסטיגט געוואָרען דערמיט, וואָס מיין
בוך איז שטאַרק־פאַרשפּרייט געוואָרען אין דאַנציג און
אפילו אַ סך מיטגלידער פון דער נאַציאָנאַל־סאָציאַליס־
טישער פּאַרטיי האָבען עס געקויפט.

לויט דעם דאַנציגער שטראָף־קאָדעקס, קאָן אַ
פאַרברעכער פאַרפאָלגט ווערען, אָהן אונטערשיעד,
וואו דער פאַרברעכען איז בעגאַנגען געוואָרען. דער
„שטירמער" איז פאַרשפּרייט געוואָרען אין דאַנציג

אויך, איז, ממילא, די פריי־שטאָט געוואָרען אַן אָרט, וואו דער פאַרברעכען איז באַגאַנגען געוואָרען, ווי איך האָב עס גענוי אָנגעוויזען אין מיין אָנקלאַגע (זעה די הוספה).

דאָך, האָט דער אופן פון באַהאַנדלען מיין אָנקלאַגע געגען יוליוס שטרייכער נישט איבערגעלאָזט קיין צווייפעל, אַז פּאָליטיש איז דאַנציג נישט מעהר קיין פריי־שטאָט. די מיינונג פון דעם דאַנציגער הויפּטפּראָקוראָר האָט זיך בפירוש געשטיצט אויף אַ פאַרקריפּלונג פון יעדער געזעצליכקייט. אַפּעלירען האָב איך נישט געקאָנט, ווייל פערזענליך און דירעקט בין איך דאָך נישט באַליידיגט געוואָרען דורכ'ן „שטירמער".

וועגען דער וויכטיקייט פון דעם בוך האָט מיר געשריבען אין אַ בריף פּראָפעסאָר ד"ר משה שאָר פון וואַרשע, דעם 25־טען אָקטאָבער 1934:

> **איך בין אייך טיף־דאַנקבאַר, וואָס איהר האָט מיך אַזוי האַרציג באַעהרט מיט אייער אָפּהאַנדלונג: „די שקרים אין דער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור", וואָס איך האָב דורכגעלייענט מיט'ן גרעסטען אינטערעס. אייך איז געלונגען אין קורצע ווערטער אַרויסצוברענגען די וויכטיגסטע באַהויפּטונגען און פאַקטען, וואָס קענען צוריקשלאָגען די לאָזונגען און שלאָג־ווערטער פון די אַנטיסעמיטען. איהר האָט אויפ'ן בעסטען אופן מקיים געוועז דעם מאמר חז"ל: „ודע מה שתשיב לאפיקורס (און וויס, וואָס צו ענטפערען**

**דעם אפיקורס). איך בין זיכער, אַז אייער אָפּהאַנדלונג וועט טרעפֿען אין פּינטעל".**

כאָטש צוליב פאָרמעלע טעמים, ווי עס דריקט אוים זיין מיינונג דער הויפּט־פּראָקוראָר, האָבען די באַשולדיגטע זייער שטראָף אויסגעמיטען, זיינען אָבער שטרייכער און זיינע מיטאַרבייטער געבליבען פאַר־אורטיילט אין די אויגען פון דער וועלט פאַר פעלשונג און גאָט־לעסטערונג. די פּוילישע און אידישע פּרעסע האָט געבראַכט גענויע באַריכטען וועגען מיינע אָנ־קלאַגעס, אין וועלכע די פּראָפעסיאָנעלע שווינדלער, די שטרייכערס, זיינען געוויזען געוואָרען אין זייער אמת'ער ליכט.

די לייט, וואָס האָבען הנאה פון אויסנוצען די אַנ־טיסעמיטישע ליטעראַרישע פעלשונגען, האָבען פונ־דעסטוועגען נישט געהאַלטען פאַר נויטיג צו פאַרפאָל־גען מיך פאַר מיין אָנקלאַגע אין דאַנציג, די שטאָט וואו איך האָב געוואוינט. נאַטירליך האָבען זיי נישט גע־וואָלט פאַרפאָלגען מיך פאַר מיין אָנקלאַגע דערפאַר, ווייל זיי האָבען גוט געוואוסט, אז איך קען גרינג דער־ווייזען די ריכטיקייט פון מיינע באַהויפּטונגען.

אין 1938 האָט די נאַצי־געשטאַפּאָ אָנגעהויבען מעהר אָפען איינפיהרען אין דאַנציג איהרע הפקר'דיגע מעטאָדען פון אונטערדריקונג און ברוטאַלקייט. די עקזיסטענץ פון די אידן איז געוואָרען פון טאָג צו טאָג אַלץ מעהר אומדערטרעגליכער. די ענדגילטיגע צע־שטערונג פון דער דאַנציגער אידישער קהלה, וואָס האָט געציילט בערך צען טויזנט נפשות, און דאָס פאַרברענען פון שוהלען וועט פאַרבלייבען אַן אומפאַרגעסליכער

עפּיזאָד אין די בלעטער פון דער היינט־צייטיגער אידי־שער געשיכטע.

ווען איך האָב זיך דערוואוסט, אז מיין נאָמען איז פארצייכענט ביי דער געשטאַפּאָ אויף דער שוואַרצער ליסטע, האָב איך אין גרוים איילעניש פארלאָזען דאַנ־ציג און זיך געלאָזט פאָרען קיין אַמעריקא. איצט, אז איך און מיין משפחה געפינען זיך אין דעם לאַנד פון פרייהייט, אין די פאראייניגטע שטאַטען, וואו עס גע־פינט זיך בערך אַ 5 מיליאָניגע אידישע באַפעלקערונג (כן ירבו), האַלט איך פאַר מיין חוב דידאָזיגע אַרבייט אַרויסצוגעבען אויך אויף אידיש. און הגם מען דאַרף אידען ניט דערציילען, ווי ליגענריש און בלבולים׳דיג די שונאי ישראל זיינען, איז אָבער וויכטיג, אַז זיי זאָלען וויסען אין וואָס מען באַשולדיגט זיי, און זיי זאָלען, אגב, האָבען אַ שטיקעל באַגריף וועגען די גרויסע אמת׳ן און אייביגע ווערטען פון די אידישע קולטור־אוצרות און דעם גרויסען אידישען קולטור־פאַרמעגען.

**דער מחבר.**

# אריינפיהר

די פארפאַלגונגען אויף אידען, וואָס חזר'ן זיך שטענדיג איבער, באַנוגענען זיך נישט מיט צעשטערען דאָס אידישע לעבען עקאָנאָמיש און סאָציאל. די שלאַנג פון אַנטיסעמיטיזם שטעקט אומפארשעמט אומעטום ארוים איהר קאָפּ. זי מאַכט בלבולים און באַשמוצט די גייסטיגע אוצרות פון יהדות: דעם תנ"ך, וואָס טורעמט איבער דער וועלט-ליטעראַטור מיט זיין אומפאַר גלייכליכען פּאָעטישען שוואונג און מאָראַלישע און עטישע ווערטען; דעם תלמוד, דאָס פרעכטיגע, מאָנו-מענטאַלע ווערק פון דער נאָך-תנ"ך עפּאָכע, די העכסטע מדרגה פון די כתבים פון דער אידישער טראַדיציע.

א גאנצע רייהע אנטיסעמיטישע מחברים האָבען א לאַנגע צייט זיך אומדערמידליך פארנומען מיט איבער-שרייבען „פּראָפעסיאָנעל" די דאָקטרינעס פון תנ"ך און תלמוד. אויפ'ן מאַרק פון דעם מין „געלערענטע טעזען", ספּעציעל אויף דעם געביט פון תלמוד'ישער געזעצגעבונג קומען אלע טאָג צו נייע נייעסען. און כדי צו פארמאסקירען די מאַטעריאַליסטישע מאָטיוון פון די מחברים — זייען די דאָזיגע טעזן די זריעה פון שוי-דערליכע ליגנס און בלבולים אין די הערצער און מוחות פון דעם פשוט'ן, גלויביגען און ניט איבערקלייבערי-שען המון.

די ערשטע פידעל אין דעם אַנטיסעמיטישען אָר־קעסטער שפּילט דער טרויעריג־באַרימטער „שטירמער", א צייטשריפט, וואָס פאַרפירט פרעך אירע לייענער און שמועסט זיי איין, אז זי קעמפּט פאר דעם אמת, בעת אין דער ווירקליכקייט איז דער „שטירמער" אַן אָרגאַן פון שנאה און ביטרע שווינדלערייען. כמעט יעדער נומער פון דער דאָזיגער דעמאַגאָגישער אויסגאַבע, וואָס ווערט ארויסגעגעבען אין נירענבערג פון דעם באַ־קאַנטען יוליוס שטרייכער, דעם סאמע ביטרען און פאַנאַטישען אידען־פרעסער אין דער מאָדערנער געשי־כטע, אַנטהאַלט, אויסער די געוויילינע שומפּערייען און בלבולים קעגען אידען און אידישקייט, אויך א שלל פון כלומרש'טע „ציטאַטען" פון תלמוד און פון דער תלמוד'ישער ליטעראַטור, וואָס זיינען געוויינליך האַמעטנע פעלשונגען און אויסטראַכטעניסען. דאָס זיינען מערסטענטייל אַנפאַלען, וואָס זיינען פון גרונט־אויס פאַלש. די ליגענס זיינען אויפגעדעקט געוואָרען אפילו דורך פּויפסטליכע עדיקטען, אינטערנאַציאָנאַל באַרימטע אַרישע געלערענטע און דורך אורטיילען פון דייטשע געריכטען אין צווייטען רייך. די דאָזיגע פאַל־שע לערעס, וואָס זיינען מיט שווינדלערישען אַבזיכט צוגעשריבען געוואָרען דעם תלמוד און דער תלמוד'י־שער ליטעראַטור, ציען זייער יניקה מייסטענטייל פון די ווערק פון אייזענמענגער'ן, פון זיין ארבייט, „ענטדעקטעס יודענטום".

## ווער איז געווען אייזענמענגער?

יאָהאַן אייזענמענגער איז געבוירען געוואָרען אין מאַנהיים, אין יאָהר 1654. ער האָט שטודירט אָריענטאַלישע שפּראַכען אין אַמסטערדאַם און האָט זיך אומגעצייכענט מיט אַ באַזונדער אינטערעס צו די העברעאישע לימודים. אין אַמסטערדאַם האָט ער זיך באַגעגענט מיט דריי קריסטען, וועלכע האָבען זיך מגייר געווען. דער דאָזיגער פאַקט האָט איהם ארייגגעבראַכט אין צאָרען. ער האָט זיך געפיל דערפון שטאַרק באַליידיגט. ער איז דאריבער אריינגעגאַנגען אין אַ־היציקער, ביטערער פּאָלעמיק מיט הרב דוד לידאָ פון אַמסטערדאַם, וועלכער האָט באַגינסטיגט זייער איבערגאַנג צום אידענטום. געטריבען פון אַ נקמה געפיל, האָט זיך אייזענמענגער אין משך פון צוואַנציג יאָהר אינגאַנצען אָפּגעגעבען מיט שטודירען די תלמודישע ליטעראַטור, כדי דערנאָך אָנצושרייבען אַ קריטיש ווערק, וועגען דער שטעלונג פון אידען צו די קריסטליכע דאָקטרינעם (לערעס). ער איז אוועקגעפאָהרען קיין היידעלבערג, אָבער ער איז פון דאָרטען אַנטלאָפען, ווען די פראנצויזען האָבען אין יאָהר 1693 איינגענומען די שטאָט, און ער איז געקומען קיין פראַנקפורט ביים מיין, וואו ער איז געוואָרען דער אויפזעהער איבער'ן ארכיוו פונ'ם פרינץ־עלעקטאָר.

אויפזאַמלענדיג פון דער רבני'שער ליטעראַטור אַלץ, וואָס איהם האָט זיך געלוינט כדי צו קאָמפּראָמי־טירען די אידישע לעהרע און געבען אַ באַרעכטיגונג צו אַנטי־אידישע פאָראורטיילען, האָט ער אַרויסגעגע־בען זיין בוך „ענטדעקטעס יודענטהום", און דאָס בוך איז געוואָרען דער אַרסענאַל פאַר אַלע באַשמוצער פון דער תלמוד'ישער ליטעראַטור און פון יהדות, אַזש ביז'ן היינטיגען טאָג. דאָס בוך איז פאַרעפענטליכט געוואָ־רען אין פראַנקפורט, אין יאָהר 1700. דער פּרינץ־עלעקטאָר האָט זיך שטאַרק אינטערעסירט מיט דעם בוך און האָט באַשטימט אייזענמענגער'ן פאַר אַ פּראָפעסאָר פון אָריענטאַלישע שפּראַכען אין הייַדעלבערגער אוניווערסיטעט. דאָך, אויף דער השתדלות פון פּראָמי־נענטע אידען, האָט דער פּרינץ באַפוילען די גאַנצע אויפלאַגע אַרויסצונעמען פון געברויך און האַלטען זי אונטער אַ שלאָס. אין יאָהר 1704 איז אייזענמענגער פּלוצלינג געשטאָרבען פון אַן אַפּאָפּלעקסיע. צום סוף האָבען זיך אייזענמענגערס יורשים געווענדעט צום קייסער פרידריך דעם ערשטען פון פּרייסען און דער קיי־סער האָט באַפוילען איבערדרוקען דאָס בוך אויפ'ן מלוכה חשבון, אין קעניגסבערג. מיט בערך פערציג יאָהר שפּעטער איז דער אָריגינאַל, וואָס איז געווען פאַרשלאָסען אין פראַנקפורט, אויך באַפרייט געוואָרען.

אייזענמענגער זאָגט, אַז ער האָט פאַרגליכען מאַטעריאַלען פון 196 ווערק פון אידישע געלעהרענטע און פון אַכט משומדים. זיין ווערק „ענטדעקטעס יודענ־טהום" ברענגט, צווישען אַנדערע רכילות'ן, אויך די באַהויפּטונג, אַז די „עקשנות'דיגע" אידען לעסטערען

„די הייליגע דריי־אייניקייט” און באַהאַנדלען באַליי־דיגענדיג די הייליגע מוטער, קוקען מיט שפּאָט אויפ'ן נייעם טעסטאַמענט, אויף די עוואַנגעליסטען, די אַפּאָס־טאָלען און האָבען צום גאַנצען קריסטענטום אַ מיס־געפיל.

דאָס דאָזיגע ווערק איז נישט דערגאַנגען צו קיין צווייטער אויפלאַגע. ערשט אין יאָהר 1874 האָט אַ קאַטוילישער טעאָלאָג, אַגוסט ראָלינג, פּראָפעסאָר פון פּראַגער אוניווערסיטעט, גענומען פון איהם אויסצוגען פאַר זיין בוך: „דער תלמוד־איד” (מינסטער 1874).

דאָס בוך „דער תלמוד־איד”, כאָטש עס איז געווען נישט מעהר, ווי אַ פּשוט'ע איבער'חזר'ונג פון אייזענ־מענגערס „ענטדעקטעס יודענטום”, איז געוואָרען אַ קלאַסיש בוך פאַר אַנטיסעמיטישע מחברים און זשור־נאַליסטען און האָט צירקולירט אין הונדערטער טוי־זענטער עקזעמפּליאַרען. אין וועסטפאַליע אַליין זיי־נען פאַרשפּרייט געוואָרען אומזיסט מעהר ווי 38.000 קאָפּיעס. דאָס בוך איז אַרויסגעגעבען געוואָרען אין אַ סך אויפלאַגעס. אויסער דעם האָט ראָלינג אָנגע־שריבען:

1. פינף בריף, וואָס האָבען אַ שייכות צום תלמוד און צו די בלוט־ריטואַלען פון די אידען (1881).
2. די פּאָלעמיקעס און די מענשליכע קרבנות פון ראַביניזם (1883).
3. מיין ענטפער צו די רבנים (1883).
4. צו ציון (1901).

דאָס בוך „דער תלמוד־איד” איז געוואָרען אַ פּאָלי־טישער כח, ווען דער אַנטי־סעמיטיזם האָט זיך צובו־

שעוועט בשעת דעם טישאַ־עשלער ריטואַל־מאָרד־פּראָ־צעס, אין 1882. אויף די אידען פון טישאַ־עשלער, אַן אונגאַרישע שטאָט, איז געמאַכט געוואָרען אַ באַ־שולדיגונג אין אַ רעטואַל־מאָרד, בעת אַ קאַטוילישע מיידעל, וואָס איז געשיקט געוואָרען ערגעץ מיט אַ שליחות, איז צוריק נישט געקומען. ראָלינג האָט אויס־געדריקט זיין גרייטקייט צו שווערען, אַז אידען פּראַק־טיקירען אַ בלוט־ריטואַל. דעמאָלט איז אַרויסגעטראָ־טען ד"ר יוסף שמואל בלאָך, אַ הויך־געבילדעטער עסטרייכישער רב און פּאַרלאַמענט־דעפּוטאַט, וואָס האָט געוואוינט אין פלאָרידסדאָרף, נעבען וויען, און איז געווען זעהר אַקטיוו אין קאַמף געגען אַנטי־סעמיטיזם. אין אַ רייהע אַרטיקלען האָט ער עפענטליך באַשולדיגט ראָלינג'ן אין וועלען געבען אַ פאַלשע שבועה. ער האָט איהם אויך דערקלערט פאַר אַ ליטעראַרישען פעלשער און פאַר אַ מענשען, וואָס איז לחלוטין אַן עם־הארץ אין דער תלמוד'ישער ליטעראַטור, וואָס האָט קיינמאָל די גמרא פאַר זיינע אויגען ניט געזעהן און וואָס איז נישט בכח די גמרא אין אָריגינאַל צו פאַרשטעהן. נאָך מעהר, זיינע ציטאַטען פון תלמוד, פון שולחן ערוך און פון זוהר זיינען ווילקירליכע פעלשונגען און פּשוט'ע בלבולים. בלאָך האָט געוואָרענט, אַז ער וועט אָנקלאָגען געריכטליך ראָלינג'ן, אויב יענער וועט ניט קענען דערווייזען מיט פאַקטען די ריכטיקייט פון זיינע באַשולדיגונגען. און עס איז ווירקליך געקומען צו אַ פּראָצעס, וואו ראָלינג האָט אָנגעקלאָגט בלאָכ'ן, אָבער ביים סוף פונ'ם משפט האָט ראָלינג פלוצלינג צוריקגע־צויגען זיינע באַשולדיגונגען. דאָס געריכט האָט גע־

רעכט געגעבען ד"ר בלאָכ'ן און צוגע'משפט פּראָפעסאָר ראָלינג'ן צו באצאָהלען אַלע קאָסטען פון פּראָצעס. ווען ראָלינג האָט אַליין אויפגעגעבען זיינע באַהויפּ־טונגען, האָט ער קירצליך נאָכדעם זיך צוריקגעצויגען פון זיין פּראָפעסורע אין אוניווערזיטעט.

אפילו אַזעלכע דייטשע געלערענטע, ווי פראַנץ דעליטש, אד. מארקס, טעאָדאָר נאָלדעקע און אָגוסט ווינשע און אַנדערע אָנגעזעהענע קריסטליכע העברע־איסטען צושמעטערען ראָלינג'ס געוויסענלאָזע פעל־שונגען. אגב, וועגען דעם פריהער דערמאָנטען טישאַ־עלשער בלבול, האָט פראַנץ דעליטש, איינער פון די טיעפסטע געלעהרענטע אין דער העברעאישער און רבני'שער ליטעראַטור צווישען די קריסטליכע טעאָלאָ־גען, פאַרעפענטליכט אַ רייהע פּאָלעמישע אַרטיקלען געגען ראָלינג'ן, וואו ער באַשרייבט און דעקט אויף די עם־הארצות און בייזוויליקייט פון ראָלינג'ן. אין זיינע אָפּהאַנדלונגען אונטער'ן טיטל: „שטעמפּלונג פון די מעלילי־הדם־ליגנער ראָלינג און יוסטוס" (1883). צווישען אַנדערע מאַכט דעליטש די פאָלגענדע ערקלעה־רונג:

„זעלטען ווען זיינען די בלוט־בלבולים אויפגע־קומען מיט אַזעלכע גוט־אויסגעבאַקענע באווייזען, ווי די, וואָס מיר געפינען אין די פּאָר בויגענס עסייען פון ראָלינג'ס אַרבייט „מיין ענטפער צו די רבנים", און נאָך קיינמאָל, זינט די בלוט־בלבולים האָבען זיך באַ־וויזען, האָבען זיי נישט געוואונען אַזאַ רעפּרעזענטאַנט, וואָס זאָל זיך קענען פאַרגלייכען מיט ראָלינג'ן אין זיין „ווים־ענשאַפטליכער ערודיציע". ס'איז צו באַוואונדע־

רען דעם מוטה פון אַ מענשען צו איינשטעלען זיין מענ־שליכע ווירדע און קריסטליכע עהרע און ערקלערען זיין גרייטקייט צו שווערען פאַר דער „ריכטיקייט" פון זיי־נע רייד, ווען זיי זיינען דורכאויס שקר וכזב. די ער־שיינונג איז אַ פענאָמענאַלע. דערמיט האָט ראָלינג זיך פאַרזיכערט אַן אומשטערבליכען דענקמאָל אין דער געשיכטע פון רעליגיע. צי דער דענקמאָל וועט זיין אַן עהרען־דענקמאָל — דאָס איז זעהר צווייפעלהאַפט".

אויף דעם זעלבען שאַרפען אופן רעדט אויך דעליטש צו ד"ר יוסטוס'ן, אַ גע'שמד'טער רומענישער איד, וואָס זיין נאָמען איז פריהער געווען אהרון ברי־מען, ער איז אַנטלאָפען פון זיין ווייב און קינדער און איז געוואָרען אַ פּראָטעסטאַנט, דערנאָך איז ער איבער־געגאַנגען צום קאַטאָליציזם. אין יאָהר 1865, האָט מען איהם אין וויען פאַראורטיילט צו תפיסה און אַרויס־געטריבען צו ווערען פון לאַנד פאַר מאַכען פאַלשע דאָ־קומענטען. אויך אַנטגעגען איהם זיינען געווענדעט די אָפּהאַנדלונגען אין דעם בוך „שטעמפּלונג פון די בלבול־מאַכער און ליגנער". ענטפערענדיג אויף דער שטעלע, וואָס יוסטוס ציטירט אַלס אַ באַווייז, אַז די בלוט פון אַ ניט־אידישער בתולה איז אַ נאָבעלער קרבן, זאָגט דעליטש:

„איך האָב פאַרגליכען נאָך אַמאָל און נאָך אַמאָל דעם העברעאיש־אַראַמישען טעקסט מיט דאָקטאָר יוסטוס'עס איבערזעצונג פון דער זעלבער שטעלע און נאָך אַמאָל און ווידער אַמאָל זאָג איך, אַז די איבערזע־צונג איז אַזאַ פעלשונג, וואָס לאָזט זיך ניט אויסטייטשען מיט בלויז גראָב־יונגישקייט. דאָס וואָס ער גיט־אָן

פאַר אַן איבערזעצונג, איז אין דער אמת'ן צוגעשריבען צום טעקסט. די פעלשונג איז אַזוי ציניש־אומפאַר־שעמט, אַז איך האָב זיך לאַנג געקווינקעלט, איידער איך האָב גענומען אויף זיך צו זיין אַן עדות פון דער פאַרטיידיגונג. אפילו איצט זיינען די ביטערע מסירות אויפ'ן אידישען פאָלק, געמאַכט פון אַ משומד, אַ פסי־כאָלאָגישע רעטעניש פאַר מיר. דער בלוט־בלבול איז אַלט שוין הונדערטער יאָהרען, אָבער ד"ר יוסטוס מיינט, אַז דאָרט, וואו אין פארלויף פון יאָהרהונדער־טער זיינען אַנדערע דורכגעפאַלען אין זייערע פאָלע־מיקעס, איז איהם געלונגען צו מאַכען די גרעסטע דער־גרייכונגען. ער האָט אויסגעפונען אַ שטעלע, וואָס סאַנקציאָנירט דאָס הרג'ענען קריסטליכע בתולות — אַ שטעלע, וואָס עקזיסטירט סיידען בלויז אין יוסטו־סעס שרייבעכצען. איינע פון די פאָרמולעס איז געווען — און אויף דעם האָט זיך געשטיצט דער טישאַ־עשלער בלוט־בלבול, אַז בלוט פון קריסטליכע בתולות ווערט באַנוצט אין מצות אויף פסח, און אויך אַלס סגולה פאַר פרויען ביים גיין צו קינד. פון דער אידישער זייט וועט מען מיך דאַנקען פאַר אויפדעקען דעם ליגען. אָבער וואָס וועלען זאָגען די קריסטען?"

אייזענמענגער'ס „ענטדעקטעס יודענטום" און ראָלינג'ס בוך „דער תלמוד־איד" זיינען די באַזע פון דער פסעוודאָ־וויסענשאַפט פון דער ספעציעלער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור ביז'ן היינטיגען טאָג.

קיין איין דענקענדער מענש דאַרף נישט האָבען קיינע בעזונדערע באַווייזען, אַז די האַמעטנע אַנפאַלען פון די אַנטי־סעמיטישע דעמאַגאָגישע שרייבערייען,

ווי דער „שטירמער", למשל, און זיינס גלייכען — האָבען אונטער זיך נישט קיין שום גרונט. דער „שטירמער" אליין באַקלאָגט זיך, אַז די געבילדעטע מענשען לאַכען פון זיינע ווערענונגס־געוואַלדען. אָבער די מיינונגען פון דעם פּסעוודאָ־וויסענשאַפטליכען קוואַטש, נעמליך, די געפעלשטע קוואַלען פון תלמוד, רמב"ם, זהר און אַנדערע, וואָס בליהען אַזוי אין די אַנטי־סעמיטישע לעגענדעס און בויך־סברות, — דרינגען אריין אין די מוחות פון דעם פּשוט'ן עולם און קענען פּאַמעליך פאַר־קריפּעלט ווערען און פאַרוואַנדלען זיך אין אַ מאַסען־פּסיכאָז. דערפאַר טאַקע, דערקלערט דער „שטירמער", אַז ער האָט גאָר ניט בדעה צו שרייבען פאַר דעם גע־בילדעטען לעזער. דאָס פּשוט'ע פאָלק הערט זיך צו צו איהם און „פאַרשטייט" איהם . . .

ספּעציעל שעדליך איז די אַטמאָספערע פון פאַר־דאַכט, וואָס איז אויסגעוואַקסען אויף דער זינלאָזער באַהויפּטונג פון ראַסען־אַנטאַגאָניזם צווישען אידען און ניט־אידען, ווייל דאָס קען פיהרען די אומוויסענדע מאַסען, וואָס זיינען אַבסאָלוט ניט פעהיג צו קאָנטראָ־לירען זאַכען — אָנצונעמען גראָבע פעלשונגען פאַר געשיכטליכע אמת'ן.

דערפאַר איז וויכטיג, נאָך מעהר — עס איז אַן אומבאַדינגטע נויטווענדיגקייט, — צו אָפּשלאָגען די פאַלשע אויסטייטשונגען פון דעם תנ"ך און פון דעם תלמוד, די צוויי זיילען פון דער קולטור פון דער ציווי־ליזירטער מענשהייט, און דאָס ניט בלויז מיט הילפ־לאָזער פאַרדאַמונג, נאָר טאַקע מיט אַ מעכטיגען געגען־געווער. עס איז די גרעסטע פליכט צו באַמיהען זיך

מיט אַלע כחות צו וועקען די אויפמערקזאַמקייט פון דער גאַנצער ציוויליזירטער מענטשהייט פון גאַר דער וועלט צו דעם גרויסען ווערט פון דעם תנ"ך און דעם תלמוד, אַלס די העכסטע שטאַפּלען סיי פון קולטור און סיי פון עטיק. און באַזונדערס, דאַרפען מיר, אידען, אין דעם זיך קלאָר מאַכען.

דער מחבר פון דעם בוך האָט דעריבער גענומען אויף זיך די אויפגאַבע צו דערווייזען עפענטליך די גע־פעלשטע און פאַרקריפעלטע ציטאַטען פון דעם תנ"ך און תלמוד, וואָס עס איז זעהר וויכטיג צו וויסען פאַר יעדען אידישען מענשען. און אין דער זעלבער צייט, וויל דער מחבר, אַנשטאָט די געפעלשטע און פאַרדריי־טע שטעלען, ברייגנען די אמת'ע אידישע לעהרע און דאָקטרינעס.

# אַנטי-סעמיטיזם

דער כמו-וויסענשאַפטליכער טערמין „אַנטי-סעמיטיזם" פאָדערט פון די אָפּאָנענטען, אַז זיי זאָלען זיך פאַרנעמען מיט כאַראַקטעריזירען און אויפקלערען דעם מהות פון די סעמיטישע פעלקער. דער דאָזיגער טערמין, וואָס שטיצט זיך אויף דער הנחה, אַז עס איז פאַראַן אַ סעמיטישע ראַסע, וואָס אונטערשיידט זיך פון אַנדערע ראַסען, איז וואַרשיינליך געשאַפען געוואָרען מיט'ן צוועק צו באַרעכטיגען אידען-האַס. די אידען, — זאָגען די אַנטי-סעמיטען — געהערען צו דער סעמיטישער ראַסע און זיי זיינען דעריבער פרעמד צו דער אַרישער, אָדער אינדאָ-אייראָפּעאישער באַפעלקערונג. פון דעם וואָרט „סעמיט" דרינגט אַרויס, אַז די אידען שיידען זיך אונטער נישט צוליב זייער רעליגיע, נאָר צוליב זייערע כלומר'שטע כאַראַקטער-שטריכען, וואָס מיט דעם זיינען אפילו אַנטראָפּאָלאָגען נישט מסכים. אַזוי ווי דער סעמיטישער כאַראַקטער שטעלט מיט זיך ניט פאָר קיין איינהייט, און אַזוי ווי דער באַגריף ראַסע איז אויפגעקומען אין די לעצטע עטליכע יאָהר, און איז ספּעציעל אויפגעבלאָזען געוואָרען אין דייטשלאַנד און אין עסטרייך, — קען מען דעריבער דעם אַנטי-סעמיטיזם באַטראַכטען בלויז אַלס איינגעשטעלטע פיינדליכע סענטימענטען פון אַ רעליגיעזען, סאָציאַלען, פּאָליטישען, קולטורעלען און עקאָנאָמישען כאַראַקטער, געווענדעט געגען אידען.

די באַגריפֿען „אַריש“ און „סעמיטיש“ האָבען פֿון לכתחילה נישט קיין נאַטורוויסענשאַפֿטליכען אָפּשטאַם, נאָר אַ לינגוויסטישען, נישט פֿון אַנטראָפּאָלאָגיע קומען זיי, נאָר פֿון פֿילאָלאָגיע. זיי זיינען ניט קיין עטנישע באַצייכענונגען, נאָר פֿילאָלאָגישע. וויסענשאַפֿטליך באַצייכענען די צוויי באַגריפֿען „אַריש“ און „סעמיטיש“ בלויז די קרובה׳שאַפֿט צו אַ שפּראַכען-אָפּשטאַם, צו אַ שפּראַכען-פֿאַמיליע. דער גרויסער פֿילאָלאָג מאַקס מילער און דער אויסגעצייכענטער אַנטראָפּאָלאָג לושאַן האָבען אומזיסט פּראָטעסטירט געגען דעם, אַז ריידען וועגען אַן אינדאָ-איירָאָפּעאישען שאַרבען, איז פּונקט ווי נוצען די טערמינען דאָליקאָסעפֿאַליקער ווערטער-בוך, אָדער בראַכיסעפֿאַלישע גראַמאַטיק. מאַקס מילער דריקט זיך אויס וועגען דעם באַגריף „אַרישער“: אין מיינע אויגען איז דער עטנאָלאָג, וואָס רעדט וועגען אַן „אַרישער ראַסע“, אָדער ״אַריש בלוט“, אָדער „אַרישע אויגען און האָר“, מאַכט אַזאַ פֿעהלער, ווי אַ לינגוויסט, וואָס זאָל ריידען וועגען אַ דאָליכאָסעפֿאַליגען (לאַנג-קעפּיגען) ווערטער-בוך, אָדער בראַכיסעפֿאַליגער (ברייט-קעפּיגער) גראַמאַטיק. דאָס איז צומישעניש, ערגער נאָך ווי דער דור הפּלגה. דאָס איז פּשוט שווינדעל. ווען איך זאָג „אַריער“, מיין איך נישט דאָס בלוט, די ביינער, האָר, אָדער שאַרבען. איך מיין איינעם, וואָס רעדט אויף אַן אַרישער שפּראַך. סיר גרעפֿטאָן עליאָט סמיט, אַן אָנגעזעהענער ענגלישער אַנטראָפּאָלאָג, האָט געזאָגט, אין 1934: „די יעניגע, וואָס באַשטייען אויף די מאָראַלישע און אינטעלעקטועלע מעלות פֿון די אַזוי גערופֿענע „אַריער“ און ריידען וועגען פּרימיטיווער

אַרישער קולטור, דאַרף מען זיי דערמאָנען, אַז עס איז מעהר ווי צווייפעלהאַפט, צי די אַריער האָבען ערפונדען אַ פרימיטיווע קולטור אויף וועלכען עס איז אַנדערען אופן, ווי אויסבאָרגען זי ביי די בבל׳ער (אַ סעמיטיש־שפראַכיג פאָלק)".

אָנגעזעהענע געלעהרענטע האָבען פראָטעסטירט געגען דער באַהויפטונג פון די אַנטי־סעמיטישע ראַסען־טעאָריעס. עס האָבען זיך געגען זיי אַרויסגעזאָגט אַזעלכע געלעהרענטע ווי אַלעקסאַנדער פאָן הומ־באָלדט בעער, ווירכאָוו, קאָלמאַן, יאָהאַן ראַנקע, לושאַן, באלדז, פ. ה. בוקלער; די גרינדער פון דער אינדאָ־גערמאַנישער פילאָלאָגיע פאָט, שרעדער, דער פראָפע־סאָר איהערינג, דער פאָליטישער עקאָנאָמיסט ווערנער סאָמבאַרט, די עטנאָלאָגען פר. מילער און ראַטצעל, די פראָפעסאָרען פון עטיק פענציק, יאָדל, די סאָציאָ־לאָגען וועבער, מילער־ליסער און אַנדערע.

יאָדל זאָגט:

„מען קען זיך נישט פאָרשטעלען קיין פאַטאַלע־רע ווילדקייט, און קיין זאַך דאַרף נישט אַזוי ענערגיש באַקעמפט ווערען, ווי די באַהויפטונג, אַז עס זיינען פאַראַן מאָראַליש־העכערע און מאָראַליש־נידעריגערע ראַסען און פעלקער, מאָראַלישע שטריכען, וואָס זאָלען כלומרשט איבערגיין בירושה". אויך ניטשע האָט זיך זעהר שאַרף אויסגעדריקט געגען די פסעוודאָ־עטנאָלאָ־גען. ער האָט געזאָגט, אַז עס איז פאַלש און געמיין אַרויסצורופען ראַסען־פראָבלעמען אין דעם פלאָנטער, וואָס אייראָפע שטעלט מיט זיך פאָר. איינס פון זיינע ווערטלעך איז געווען: „חבר זיך נישט מיט איינעם,

וואָס האָט אַ וועלכע עס איז שייכות מיט'ן ליגנערישען ראַסען־שווינדעל" (באַנד 16, זייט 374).

עס איז כדאי זיך אָפּצושטעלען אויף דער ריכטיגער שטעלונג פון דעם תנ"ך צו דער ראַסען־פּראַגע. דאָס בוך בראשית הויבט זיך אָן מיט דער באַשרייבונג פון דער וועלט־באַשאַפונג און מיט דער פריהסטער גע־שיכטע פון דעם מענשען־מין. מיט דעם ספּור־המעשה וועגען דער באַשאַפונג פון אָדם און חוה, די ערשטע מענשליכע פּאָר־פּאָלק, פון וועלכע עס שטאַמען אָפּ אַלע מענשען אויף דער ערד, איז קלאָר אָנגעדייט, אַז יעדע הנחה וועגען דער סופּעריאָריטעט פון פעלקער, באַזירט אויף פיזישע קען־צייכענס, דאָס הייסט אַ כלומר'שט בעסערער ירושה־אָפּשטאַם, איז דורכאוים גרונטלאָז. לויט דעם תנ"ך, צייכענט זיך אוים דער בעסערער מענש און שיידט זיך אונטער פון דעם מינדערווערטי־גערען מענשען — בלויז מיט זיינע מאָראַלישע אייגענ־שאַפטען. די געשיכטע פון מאָראַלען פּראָגרעס הויבט זיך דערפאַר אָן פון אברהם'ען, דעם אור־פּאָטער פון אַלע מענשען, וואָס שטרעבען צו מאָראַלער שלימות.

## אידען־האַס אין אַלטערטום

דער ערשטער טיפּישער שונא־ישראל אין גלות איז געוועזען המן. ער האָט פאַר'מסר'ט די אידען פאַר'ן פער־סישען קעניג אחשורוש אויף אַזאַ אופן: „עס איז פאַ־ראַן אַ פּאָלק, וואָס איז צושפּרייט און צוזייט צווישען די פעלקער אין אַלע מדינות פון דיין קעניגרייך. זייערע געזעצען זיינען אַנדערע, ווי די געזעצען פון אַלע אַנ־דערע פעלקער. זיי פיהרען ניט אוים דעם קעניגס

געזעצען, און עס איז נישט כדאי, אַז דער קעניג זאָל זיי לאָזען לעבען. אויב עס געפעלט דעם קעניג, זאָל מען אַרויסגעבען אַ באַפעהל, אַז מען זאָל זיי אומבריינ־גען" (אסתר ג', ח'). אַלס אַ רעזולטאַט פון דער באַ־שולדיגונג איז המן אַליין אויפגעהאַנגען געוואָרען אויף דער זעלבער תליה, וואָס ער האָט געהאַט צוגעגרייט פאַר מרדכי'ן.

## דער קלאַסישער אַנטיסעמיטיזם

די געבילדעטע גריכען האָבען, נאַטירליך, סימפּאַ־טיזירט מיט די מאָנאָטעאיסטישע לעהרעס פון דער אי־דישער רעליגיע. אַ סך פון זיי האָבען געלויבט די אידי־שע רעליגיע. זיי האָבען געזעהן אין די אידען פאָר־שטייער פון אַ העכערער פילאָזאָפיע און מאָראַל. דאָך האָט די רעליגיעזע אָפּגעזונדערטקייט פון די אידען און זייער פאַראַכטונג צו די היידנישע גלויבונגען, געשאַפען אַ סך אַנטאַגאָניזמען. די נישט פריינדליכע געפיהלען געגען די אידען האָבען געפונען אַן אויסדרוק אין דער אַנטיקער ליטעראַטור, און עס איז כדאי דאָ צו ברייגנען די הויפּט־באַשולדיגונגען געגען אידען, וואָס זיינען דאַן געמאַכט געוואָרען:

א) אַטעאיזם: די אידען זיינען די שונאים פון די געטער פון די פעלקער.

מ א נ ע ט אָ ן, אַ מצרי'שער הויפּט־פּריס־טער און טעמפּעל־כראָניקער אין העליפּאָלים, וואָס האָט געלעבט אין דער צייט פון די צוויי פּטאָלאָמייער, סאָטער דער ערשטער און פי־לאַדעלפיוס, דערציילט אין זיין „געשיכטע פון

עגיפּטען", פון יאָר 170 פאַר דער מאָדערנער צייט־רעכענונג, אַז משה האָט פאַרזאָגט די אידען צו פאָלגען איהם אונטער אַלע אומ־שטענדען. ער האָט זיי שטרענג פאַרבאָטען צו דינען אַנדערע געטער.

טאַציטוס, אַ רוימישער היסטאָריקער, אין זיין געשיכטע, געשריבען אַן ערך אין יאָהר 108, באַשרייבט די אידען אַלס אַן אונגלויביגע און גאָטלאָזע נאַציע.

פלאָרוס, אַ רוימישער היסטאָריקער, וואָס האָט געהאַט זיין גלאַנץ־פּעריאָד אין די צייטען פון די אימפּעראַטאָרען טראַיאַנוס און אַדריאַנוס, גיט־צו, אַז די אידען זיינען נישט נאָר אַרעליגיעז, נאָר אפילו „גאָט־לעסטערער".

ב) **אָפּגעלאָזענקייט און פוילקייט.**

די געצענדינער האָבען ניט פאַרשטאַנען דעם אידישען שבת־רוה. זיי האָבען געמיינט, אַז די אידען היטען שבת אַלס אַ יום־זכרון. (סטראַבאָ, געאָגראַפיע באַנד 16, זייט 2). טאַציטוס שרייבט, אַז שבת־רוה איז אין אָנדענק פון אַ „הונגער, וואָס די אידען האָבען אַמאָל איבער־געלעבט".

ג) **מילה.**

טאַציטוס זעהט אין מילה אַ כוונה צו מאַכען אַ פיזישען אונטערשייד צווישען אידען און געצענדינער. ער שרייבט: „כדי אונטער־שיידען זיך מיט אַ בולט'ן צייכען, האָבען די אידען איינגעפיהרט מילה".

ד) **דער פאַרבאָט אויף חזיר־פלייש.**

איינינגע שרייבער זעהען אין דעם פאַרבאָט אַ פאַרגעטערונג פון דעם חזיר. אַנדערע, פאַר־קעהרט, האַלטען, אַז דער פאַרבאָט פון חזיר־פלייש איז אַ זכר פון אַ צרעת־עפּידעמיע (לעפּסאָרי), וואָס חזירים זיינען צו דעם ספּע־ציעל געניגט. דאָס אָפּהיטען דעם פאַרבאָט איז יעדענפאַלס באַשריבען אין דער אַנטיקער ליטעראַטור.

ה) **די כלומר'שטע שנאה צו מענשען.**

די אָפּגעזונדערטקייט און אויסגעצייכענטקייט פון די אידען האָט געפיהרט די קלאַסישע וועלט צו לאַנג־דויערענדע חשדים, אַז אידען זיינען כלומר'שט דורכגעדרונגען מיט פיינטשאַפט און שנאה צו דער ניט־אידישער וועלט. די אידען האָט מען פאַרגעוואָרפען, אַז זיי באַ־טראַכטען אַלע מענשען פון די אַנדערע פעל־קער פאַר שונאים. די שטעלונג ווערט באַ־טראַכט, ווי אַ געבאָט פון משה רבינו. אין שאַרפע ווערטער פאַרדאַמט טאַציטוס דעם כלומר'שטען ביבלישען פאַרשריפט, אַז אַ איד טאָר זיך ניט זעצען ביי איין טיש מיט אַ פרעמדען (ניט־אידען). פילאָסטראַטוס (180־250) זאָגט:

„אַ פאָלק, וואָס טיילט ניט מיט אַנדערע זייער טיש, זייערע מנהגים, זייערע תפילות און זיי־ערע קרבנות, געפינט זיך פון אונז ווייטער, איידער סוזאַ, אָדער אפילו אינדיע. פון אַלטע

ציימען־אַן זיינען זיי, די אידען, געווען ניט נאָר געגען רוים, נאָר אויך געגען דער גאַנצער איבעריגער מענשהייט".

ז) די בבא־מעשה וועגן ריטואַל־מאָרד.
אַפּיאָן, אַ רעטאָריקער און אַ יוריסט פון אַלעקסאַנדריע אין מצרים, אַ העלעניזירטער עגיפּטישער דעמאַגאָג און דער ביטערסטער אידען־פרעסער פון דעם ערשטען יאָרהונדערט, האָט אויסגעדריקט זיין בעשיינפערליכע שנאה צו אידען, אויפזאַמלענדיג פון אַלע מעגליכע מקורות כל מיני צירקולירענדיגע אידען־פיינד־ליכע געשיכטעס. ער האָט געשילדערט די אידישע געזעצען אַלס אַנטאַגאָניסטישע צו די געזעצען פון זייערע שכנים. ער האָט צוגע־געבען נאָך אַ בבא־מעשה, שוין זיין אייגענע אויסטראַכטעניש. ער ברענגט אַרויס, אַז ביי אידען איז אַ מנהג אַלע יאָהר כאַפּען אַ גריך, אַ פרעמדען, איהם אויסשטאָפּען מיט גוטע שפּייז, דערנאָך איהם הרג'ענען, אַלס אַ קרבן, פאַרזוכען זיין אינגעווייד און געבען אַ שבועה, אַז זיי וועלען אייביג זיין אין פיינדשאַפט מיט די גריכען. אין די שפּעטערדיגע יאָהרהונדער־טער האָבען די רוימער באַנוצט די באַשולדי־גונג געגען די קריסטען.

אין דער אמת'ן איז דאָס קלאַסישע אַלטערטום גע־ווען אַן עפּאָכע פון רעליגיעזער טאָלעראַנץ. מען האָט געשעצט די געטער און דעם קולט פון יעדען פאָלק. בלויז די אידישע רעליגיע איז געווען אויסגעשלאָסען

פון דער אַלגעמיינער האַרמאָניע און טאָלעראַנץ. די אידישע אונטערשטרייכונג פון אחדות אלוקים, און ווי א פועל יוצא דערפון די אַפּלייקענונג פון אַלע אַנדערע געטער, דאָס וואָס עס איז געווען און איז נאָך איינער פון די גרונד־פּרינציפּען פון דער אידישער רעליגיע, האָט נאַטירליך ארויסגערופען אַ ווידערווילען ביי די אומות העולם צו די אידען און האָט זיך אויסגעדריקט אין אַנטי־אידישע סענטימענטען אין דער ליטעראַטור פון אַלטערטום. מען האָט געגלויבט אין אַלע באַשיינ־פּערליכע ליגענס, און קיינער האָט נישט גענומען אויף זיך די מיה צו אויספאָרשען, פון וואַנען זיי שטאַמען. קיין שום געצענדינער האָט נישט געלייענט דעם תנ״ך, כאָטש ער איז שוין געווען איבערזעצט אויף גריכיש און צוטרעטליך פאַר יעדען איינעם. בירושה האָבען די געצענדינער איינגעזאַפּט און איבערגענומען די שנאה געגען אידען. נאָך מעהר, די זעלבע באַשולדיגונגען, וואָס מען האָט געוואָרפען אויף די אידען, האָט מען דערנאָך נאָך אין אַ פאַרשטאַרקטערער פאָרמע אויפ־געהויבען געגען די קריסטען. ספּעציעל האָבען די אַמאָ־ליגע געצענדינער באַשולדיגט די קריסטען אין גאָטלאָ־זיקייט און אַמאָראַלישקייט, און מען האָט זיי נישט געזשאַלעוועט אויך צוטראָגען די באַשולדיגונג אין ריטואַלען מאָרד.

# די שנאה צו אידען אין מיטלאַלטער און אין דער מאָדערנער צייט

אין מיטעלאַלטער האָבען די מאָטיוועז פון אידען־האַס געטראָגען מערסטענטיילס אַ רעליגיעזען כאַראַק־טער. עקאָנאָמישע מאָטיוועז האָבען אָנגעהויבען אַרויסשווימען ערשט אין עלפטען יאָהרהונדערט. די געשיכטע פון די פאַרפאָלגונגען אויף אידען אין דער קריסטליכער ערע קען מען איינטיילען אין דריי פע־ריאָדען:

א) ביז די קרייץ־צוגען (עלפטער יאָהרהונדערט).
ב) ביז דער רעפאָרמאַציע (16טער יאָרהונדערט).
ג) ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע (1789).

## ביז די קרייץ־צוגען

אין דעם פעריאָד ביז די קרייץ־צוגען האָט מען אידען פאַרפאָלגט הויפּטזעכליך, ווי „גאָט־מערדער". מען האָט פאַרשפּרייט אַ לעגענדע, אַז די גאַנצע שולד פאַר הרג'ענען קריסטוס'ן פאַלט אויף די פרושים, די כהנים און די תלמידי חכמים. עס זיינען געמאַכט גע־וואָרען ווייטערדיגע אַטאַקעס אויף די אידען, אַז זיי זיינען גאָטלאָז, אַז זיי זאָגען זיך אָפּ אָפּצוגעבען כבוד דעם אימפּעראַטאָר, אַז זיי זיינען פיינטליך צו אַנדע־רע מענשען, אַז זיי מיידען אוים קריסטליכע געזעל־שאַפט, אַז זיי זיינען פאַרלאָזען פון גאָט, אַז זיי זיינען דעריבער אַן איבעריג און נוצלאָז פאָלק, וואָס איז באַ־

שאַפען געוואָרען פאַר קנעכטשאַפט. זיי זיינען ווי־דערשפּעניג, שלעכט, עקשנות'דיג, שענדער פון היילי־קייטען, אַנגרייפעריש, כיטרע און אַזוי ווייטער. די באַשולדיגונג אין ריטואַל־מאָרד איז נאָך נישט אויפגעקומען, ווייל אין די ערשטע יאָהרהונדערטען פון דער נייער צייט־רעכענונג פלעגט מען אויף די קריסטען אַליין וואַרפען די דאָזיגע באַשולדיגונג. אין דער צייט, ווען די אַרויסטרעטונגען פון די געצענדינער געגען די אידען אין די קלאַסישע צייטען האָבען געטראָגען בלויז אַ ליטעראַרישען כאַראַקטער, — האָבען די פּאָלעמישע שריפטען פון די קריסטען געהאַט אויך פּראַקטישע פאָלגען.

ווען די קריסטליכע רעליגיע איז אין פערטען יאָהרהונדערט געוואָרען די אָפיציעלע מלוכה־רעליגיע, זיינען גלייכצייטיג איינגעשטעלט געוואָרען געזעצען, וואָס האָבען דעגראַדירט די אידען צו בירגער פון דער צווייטער מדרגה, אָפּנעמענדיג ביי זיי די רעכט צו פאַר־נעמען מלוכה־שטעלעס, אָפּציהענדיג די שטראָפען, וואָס זיינען אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף די אַנגרייפער פון אידען און אַ. וו. אין זעקסטען יאָהרהונדערט זיי־נען די אַנטי־אידישע געזעצען פון פערטען יאָהרהונ־דערט געוואָרען נאָך שטרענגער. יוסטיניאַן האָט צו־גענומען ביי אידען דאָס רעכט פון עדות זאָגען געגען קריסטען; עס איז פאַרבאָטען געוואָרען צו לערנען תלמוד, און די אַנגעהעריקייט צום אידישען גלויבען, איז דערקלערט געוואָרען פאַר אַ קרימינעלען פאַרברעך און אַזוי ווייטער.

נאָך מעהר, דער קלויסטער האָט פאַרבאָטען גע־

מישטע חתונות פון אידען און קריסטען, און האָט אפילו פאַרבאָטען אידען צו עסען צוזאַמען מיט קריסטען. אידען האָבען נישט געטאָרט באַשעפטיגען קיין קריסט־ליכע קראַנקען־שוועסטער, דינער אָדער דינסטען, אויך האָבען זיך קריסטליכע טאָג־אַרבייטער נים געטאָרט פאַרדינגען צו אידען. אידען האָבען נישט געטאָרט פאַרקויפען קיין פלייש, אָדער אַנדערע שפּייז־פּראָדוק־טען צו קריסטען. אין די זונטאגס און אַנדערע קריסט־ליכע חגאות האָבען אידען נישט געטאָרט אַרבייטען און אויך נישט האַנדלען.

## ביז דער רעפאָרמאַציע

די יאָהר־הונדערטער פאַר דער רעפאָרמאַציע זיי־נען פול געוועזן מיט שחיטות און גירושים אויף אידען. אַ בלוטיגען וועג צייכענען די קרייץ־צוגען פון טריער ביז צו די ריין־בערג. ספּעיער, וואָרמס, קעלן, מאַיענס (דייטשע שטעט) זיינען נאָך שטאַרקער געטראָפען גע־וואָרען. אומעטום זיינען די אידען געשטעלט געוואָרען פאַר׳ן „אויסוואַהל״: — שמד, אָדער טויט. גאַנצע קהלות זיינען אויסגע׳שחט׳ען געוואָרען. די השתדלות פון די ביסקופען דזשאָן פון ספּאַיר, אַדעלבערט פון וואָרמס, רוטלענד פון מיינץ און הערמאַן דער דריטער פון קעלן — זעלטענע מענשען פון גייסט, וואָס האָבען איינגעשטעלט זייער לעבען און אייגענטום, כדי צו ראַ־טעווען די אידען פון זייערע געגענדען — די דאָזיגע השתדלות׳ן זיינען געבליבען אָהן דערפאָלג.

דער אַממעהרסטען באַליידיגענדער און דעגראַדי־

רענדער אַקט, וואָס האָט געמאַכט די אידען אין משך פון יאָהרהונדערטער פאַר פאַריער אין דער קריסטליכער געזעלשאַפט, איז געווען די איינפיהרונג, אין דעם יאָהר 1215, דעם שאַנד־צייכען — די געלע לאַטע — פאַר אידען פוןביידע געשלעכטער, סיי מענער און סיי פרויען. די דאָזיגע לאַטע האָבען די אידען געמוזט טראָגען אויף זייערע אויבער־בגדים.

פאַר די אידען איז איינגעפיהרט געוואָרען אַ בעזונדערע שבועה, וואָס האָט ענטהאַלטען די מיאוס־טע קללות, וואָס מען קען זיך נאָר פאָרשטעלען. דער בלוט־בלבול, וואָס איז צום ערשטען מאָל אויפגעקומען אין 12טען יאָהרהונדערט, איז ווידער אַמאָל אַרויפגע־שוואומען. און אַ טרויעריגע דערגענצונג צו דעם אַלע־מען, איז געווען וואָס מען האָט פאַרברענט פיר און צוואַנציג פוהרען מיט תלמוד'ישע ספרים אויף די שיי־טערהויפענס, ערב שבת, אין יוני 1242.

## ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע

פון דער צייט פון דער רעפאָרמאַציע ביז דער פראַנצויזישער רעוואָלוציע, איז די לאַגע פון די אידען וויי־ניג־וואָס פאַרבעסערט געוואָרען. די ערפינדונג פון דרוק האָט געבראַכט צו אַ ברייטער פאַרעפענטליכונג און פאַרשפרייטונג פון אַנטי־אידישע אויסגאַבען. מאַר־טין לוטער האָט פון אָנפאַנג געהאָפט צו איבער'שמד'ן די אידען און האָט דעריבער אָנגערופען די שונאי ישראל „די גראָבע אייזעל־קעפ". אין 1523, אין ברען פון זיין קאַמף מיט'ן קאַטוילישען קלויסטער, האָט לוטער פאַר־

עפענטליכט אַ פּאַמפלעט אונטער'ן טיטול „יעזוס איז געבוירען געוואָרען אַ איד". „אונזערע נאַראָנים און אייזלען, די גלחים, ביסקופּען, סאָפיסטען און מאָנאַ־כען" — האָט ער געשריבען — „האָבען בעהאַנדעלט די אידען אויף אַזאַ אופן, אַז אויב עמיצער וואָלט גע־וואָלט זיין אַן אמת'ער קריסט, וואָלט ער בעסער באַ־דאַרפט ווערען אַ איד. ווען איך וואָלט געווען אַ איד און געזעהן, וואָס פאַראַ פינצטערע קעפּ און פלוידער־זעק עס פיהרען־אַן מיט'ן קריסטענטום — וואָלט איך גיכער געוואָרען אַ חזיר, איידער אַ קריסט. ווייל זיי האָבען בעהאַנדעלט די אידען גיכער, ווי הינט, איידער ווי מענשען. און די אידען זיינען דאָך פלייש און בלוט און ברידער פון דעם דערלייזער. אויב מיר ווילען אַרויסברייינגען די טוגענטען פון ראַסע — געהערט קריסטום מעהר צו זיי (צו די אידען), ווי צו אונז. צו קיין פאָלק האָט גאָט נישט אַרויסגעוויזען אַזויפיעל חסד, אַנטרויענדיג איהם זיין הייליג וואָרט".

לוטער האָט געמיינט, אַז איצט, ווען גאָטס וואָרט איז געקומען אין זיין אייגען מויל, אָן „פּויפּסטליכקייט און שווינדלערייען", וועלען די אידען לויפען זיך שי־צען אונטער די פליגלען פון יעזוס, וואָס איז געבוירען געוואָרען אַ איד. צום סוף פון זיינע יאָהרען, האָט ער זיך אָבער אַרומגעזעהן, אַז ער האָט אַ טעות געהאַט; ער האָט זיך געוואָרפען מיט שוים און זידלערייען אויף די אידען און האָט אויפגעפאָדערט זיינע נאָכפאָלגער צו פאַרברענען די אידישע שוהלען און באַהאַנדלען די פאַר'עקשנ'טע גאָטלעסטערער אָהן־רחמנות. אין צוויי אָפּהאַנדלונגען (1543) האָט ער זיך גענומען צוריקצו־

שטעלען אַלע כיטרע בלבולים פונ'ם מיטעלאַלטער. נייע אויפרייצענדע אויסגאַבען זיינען דערשינען פון יאָהאַן פעפערקאָרען, וויקטאָר קאַרבען, אַנטאָניוס מאַרגאַריטאַ, מאַרטין בוטצער און אַנדערע, וועלכע זיינען ברייט־פאַרשפּרייט געוואָרען.

## די עמאַנסיפּאַציע פון אידען

די עמאַנסיפּאַציע פון אידען אין איראָפּע האָט זיך אָנגעהויבען אין פראַנקרייך. די גענעראַל־פאַרזאַמלונג (עטאַ זשענעראַ) איז אויפגערופען געוואָרען אין 1789, און „די דעקלאַראַציע פון מענשליכע און בירגערליכע רעכט" אין דער קאָנסטיטואירענדער פאַרזאַמלונג האָט פּראָקלאַמירט דעם פּרינציפּ פון רעליגיעזער פרייהייט פאַר אַלעמען. דעם 28־טען סעפּטעמבער 1791 איז פאַרעפענטליכט געוואָרען אַ דעקרעט, וואָס גאַראַנטירט צו די אידען פון גאַנץ פראַנקרייך פולע בירגערליכע רעכט, צוגלייך מיט אַנדערע בירגער.

פראַנקרייכ'ס ביישפּיל האָבען נאָכגעטהאָן די איבעריגע לענדער, וועלכע האָבען געזעהן אין דעם אַ צייכען פון פּראָגרעס, אָבער די אידישע גלייכבאַרעכטיגונג איז ניט געגעבען געוואָרען מיט'ן פולען הארצען, צוליב דער אינסטינקטיווער שנאה צו אידען. דייטשלאַנד, למשל, קאָן זאָגען מיט אַ „רוהיגען געוויסען", אַז זי האָט קיינמאָל ניט אויפגעגעבען איהר אידען־האַס. זי האָט עס פונאַנדערגעטיילט צווישען פאַרשיידענע קליקעס, וועלכע האָבען „שטענדיג און אימער" צוגעטראַכט די געהעריגע טעטיקייטען און לאָזונגען.

# אַנטיסעמיטיזם אין 20-טען יאָהרהונדערט

דער פאַקט, וואָס רעליגיעזע מאָטיווען האָבען וואָס ווייטער אַלץ מעהר פאַרלוירען זייער באַדייטונג, באַווייזט, אַז די סיבות פונ׳ם אַנטי-סעמיטיזם אין 20-טען יאָהרהונדערט זיינען ניט די זעלביגע, ווי די סיבות פון אידען-שנאה אין אַלטערטום און מיטעלאַלטער, — דאָך זיינען די מעטאָדען פון די רדיפות אויף אידען און די פראַקטישע רעזולטאַטען פון אָט-די רדיפות, — באַזונדערס אויפ׳ן געביט פון דער געזעצגעבונג, — כמעט די זעלבע. גענוג וועט זיין צו דערמאָנען די צאַרישע רוסלאַנד פון פאַר 1914, פאַר דער ערשטער גרויסער וועלט-מלחמה. ווער רעדט, אויב מען דערמאָנט די פאָגראָמען פון 1918 אין אוקראַאינע פון די רוסישע קאָנטר-רעוואָלוציאָנערען, האָט מען געווים אַ גלאַר בילד פון אָט-די מעטאָדען. אָבער אפילו נאָך דער גרויסער מלחמה, אפילו נאָכ׳ן שליסען די שלום-אָפּמאַכען, אין וועלכע די רעכט פון אַלע בירגער, אָהן אונטערשייד פון רעליגיע, אָדער נאַציאָנאַליטעט, איז פאָרמעל גאַראַנטירט געוואָרען, — אפילו נאָך דעם אַלעמען, זיינען אָפּט פאָרגעקומען אין פאַרשיידענע לענדער, ביי פאַרשיידענע פּאָליטישע געלעגענהייטען, „אינצידענטען״, „אַרויסטרעטונגען״, פּאָגראָמען, אין אַ קלענערען אָדער גרעסערען פאַרנעם, געגען אידען, וואָס האָבען אונז געקאָסט ניט-ווייניג קרבנות. טעראָר געגען אידען האָט קיינמאָל ניט אויפגעהערט. אונטער׳ן וואָרט „טעראָר״ פאַרשטייען מיר, ניט נאָר קערפּערליכע באַליידיגונגען, נאָר מיר שליסען איין אין דעם באַגריף אויך כל-המינים געזעצליכע מאָס-

מיטלען, ניי־געשאַפענע געזעצען, אָדער דורך אַרום־גיין עקזיסטירענדיגע געזעצען, מיט דער כוונה צו פאַר־ביטערען אידען דאָס לעבען, מאַכען אוממעגליך זייער זיכערע עקזיסטענץ, אָפגערעדט שוין וועגען דעם, אַז זייער כבוד און עקזיסטענץ־מעגליכקייט איז שטענדיג געווען אין געפאַהר.

אין יסוד פון דער אַלמעכטיגער, אייביגער אידען־שנאה ליגען שוין ניט מעהר קיין רעליגיעזע, נאָר עקאָ־נאָמישע מאָטיווען איינציג און אַליין. די העסליכע גע־רעדעריי וועגען דער אידישער וועלט־הערשאַפט אין דער עקאָנאָמישער ספערע האָט אַרויסגערופען אַ שנאה, וואָס איז נאָך שטאַרקער געוואָרען צוליב דעם אַלגע־מיינעם עקאָנאָמישען קריזיס. די אידען־פרעסער, וואָס האַלטען אין איין פלאַפלען וועגען דער אידישער אוי־בערהערשאַפט אינ'ם עקאָנאָמישען לעבען פון דער וועלט, ווייסען לחלוטין ניט, ווי די ווירקליכקייט זעהט אויס. ווער נאָך, ווי מיר אַליין, ווייסען, ווי שווער אי־דען זיינען געטראָפען געוואָרען פונ'ם קריזיס. בפרט נאָך, אַז אַ סאַך פריהער איידער דער וועלט־קריזיס איז אויסגעבראָכען, האָבען מיר אידען אין אַ סאַך לענדער געליטען פון אונזער אייגענעם, ספעציעלען **אידישען** קריזיס.

פאַרשטייט זיך, אַז מיר רעדען דאָ ניט וועגען די איינצעלנע פערזענליכקייטען, וואָס האָבען זיך אַרויס־גערוקט. מיר רעדען פון די ברייטע אידישע מאַסען, די אָפהענגיגע, נישט־זעלבסטשטענדיגע גרופען. ניט די אידישע אונטערנעהמער, נאָר גראָד די אידישע אַר־בייטער געפינען זיך אין אַ סאַך אַן ערגערער לאַגע,

ווי זייערע חברים, אַרבעטער פון אַנדערע פעלקער. ווען אַ ניט-אידישער אַרבעטער קען נאָך האָפען צו באַ־קומען אַרבייט, איז אַ אידישער אַרבייטסלאָזער פאַר־משפט פון פאָראויס. ער איז אַ קרבן פון זיין אידיש־קייט, צי ער זוכט אַרבייט ביי אידען, צי ביי אַ ניט־אידען.

די פיהרער פון די אידישע פירמעס, די דירעקטאָ־רען פון פאַבריקען, די אייגענטימער פון ווערקשטאַטען, די הויפט-אָנפיהרער פון פאַרשיידענע אָרגאַניזאַציעס האַלטען פאַר אַ „פליכט" — פון צוויי קאַנדידאַטען, אויסצוקלייבען דעם ניט-אידישען, ווען אפילו ביידע — דער איד און ניט-איד — האָבען די זעלביגע קוואַליפי־קאַציעס. זיי טהוען עס צוליעב דעם, מען זאָל זיי, חלילה, ניט חושד זיין אין „פניות" צו זייערע „גלויבנס־ברידער". דערפאַר טאַקע איז די צאָהל אידישע אָנגע־שטעלטע (פראָצענטועל גענומען), בעזונדערס צווישען דעם פאַרקויף-פערסאָנאַל, אַזוי נישטיג-קליין אין די „אידישע" וואָהרען-הייזער. דאָס קען מען לייכט נאָכ־קאָנטראָלירען אין די סטאַטיסטיקעס. אין גרויסע אינ־דוסטריע-אונטערנעהמונגען זעהט מען ניט קיין אידען אַלס פאַר-לייט. נאַטירליך ניט דערפאַר, ווייל אידען פעהלט קענטשאַפט אין מענשען-פסיכאָלאָגיע, אָדער די פעהיקייט צו אָנפירען און אָרגאַניזירען מענשען, נאָר טאַקע דערפאַר, וואָס די אידישע „קאָרפען-קעפ", אין די אינטערעסען פון זייער פערזענליכער דיסציפלין און פון דער עפענטליכער מיינונג — און דערפאַר טאַ־קע, וואָס זיי זיינען אַליין אידען, ווילען זיי ניט אַרויס־רוקען קיין אידישע טאַלאַנטען. דערפאַר איז דער אַר־

בייטס־מארקזעהר שמאָל און איינגעשרומפּען פאַר אידישע הענט. אמת, איינצעלנע, יחידים רייסען זיך אַרויס פון אַט־די טרויעריגע באַדינגונגען און אַרבייטען זיך אַרויף, אָבער אַט־דער יוצא־מן־הכלל באַשטעטיגט נאָך מעהר דעם כלל.

אויב אַזאַ איז די לאַגע אין די מערב־אייראָפּע־אישע לענדער, ווי איז דער מצב געוועזען אין די מזרח־לענדער פאַר דער נייער וועלט־מלחמה? אין די מזרח־אייראָפּעאישע לענדער איז די לאַגע געוועזען און איז עד היום גרוילינג. 60 פּראָצענט פון דער אידישער באַפעלקערונג האָט געמוזט, נאָך פאַר דער איצטיגער מלחמה, אָנקומען צו צדקה און איז געפאַלען צו לאַסט אויף די קהלות, וועלכע זיינען ניט געוועזען בכוח אויסצו־האַלטען די פּרנסה־לאַזע און לינדערען די נויט און דעם עלענד. וועגען חורבן, וואָס די איצטיגע מלחמה האָט אָנגעמאַכט, פאַרשפאַרען מיר שוין צו רעדען . . .

אומפאַראַנטוואָרטליכע אידען־פרעסער, וועלכע שלאָגען קאַפּיטאַל פון אַנטי־סעמיטיזם, פאַרפלייצען די פינצטערע מאַסע מיט ציימונגען, פּעריאָדישע אויסגאַ־בען, בראָשורען, און אפילו מיט כלומר'שט־וויסענשאַפט־ליכע ביכער, וועלכע לא די וואָס זיי פאַרשווייגען אָט־די פאַקטען, נאָר שטעמפּלען זיי נאָך אַלס ליגען. און דאָס רופט אַרויס דעם אַנטי־סעמיטיזם. אַזוי לאַנג ווי די אַנטי־סעמיטישע „שרייבער" וועלען האָבען אַ שאַנס צו מאַכען געלט פון זייערע „גייסטיגע שאַפונגען", אַזוי לאַנג וועט די לעגענדע פון אידישער וועלט־הערשאַפט ניט פאַרשווינדען. דאָך וועלען אידען קיינמאָל ניט אויפגעבען זייער האָפנונג אויף אַ בעסערער וועלט.

אידען זיינען שוין דורכגעקומען ניט איין שטורעם, ווע־לען זיי דען ניט אויסהאַלטען די איצטיגע ביטערע צייט? . . .

## נצח ישראל *)

פון זון און לבנה איז אייביג די שיין,
אויף אייביג דער טאָג און די נאַכט איז באַשערט.
זיי זיינען דער צייכען, אַז אייביג וועט זיין
דאָס פאָלק פון יעקב, דאָס אייביגע פאָלק אויף דער ערד.

מיט זיין האַנט דער לינקער גאָט שטויסט זיי אַוועק,
מיט דער רעכטער דערבאַרעמט ער זיי.
אין טאָג פון יאוש, פון פיין און פון פינצטערער שרעק
שטייט די געטליכע גנאָד איבער זיי.

אונזער גורל ט׳גע׳ירש׳נט די אייביגע שיין
און וועט לויכטען ביז זון און לבנה וועט זיין.

---

*) פון רבי יהודה הלוי, דעם גרעסטען העברעאישען דיכטער פון מיטעלאַלטער: געבוירען בערך אין 1016 אין קאַסטיליע, געלעבט אין לוצענא, גראנאַדע, טאָלעדאָ און קאַרדאָווא. בערך אין 1071 האָט ער זיך געלאָזט קיין ארץ־ישראל. סיי וועגן דער דאַטע פון זיין געבורט און סיי וועגן דער דאַטע פון זיין טויט, איז ניטאָ קיין איינשטימיקייט צווישען די אידישע געשיכטע־שרייבער. זיכער איז אָבער, אַז לסוף ימיו האָט ער געמאַכט אַ רייזע קיין ארץ ישראל, און האָט איבערגע־לעבט אַ שווערען שטורעם אויפ׳ן ים. פון זיין נסיעה קיין ארץ־ישראל זיינען געבליבען זיינע באַריהמטע „ים־לידער״, וואָס טיילען פון זיי האָט ח. נ. ביאַליק איבערזעצט אין אידיש. לויט דער מסורה, איז רבי יהודה הלוי אומגעקומען, ווען ער איז שוין געווען אין דעם הייליגען לאַנד. עס ווערט דערציילט, אַז ווען ר׳ יהודה הלוי איז געקומען

# וואָס איז דער אַלטער טעסטאַמענט?

דער אַלטער טעסטאַמענט איז צעטיילט אויף דריי טיילען: תורה נביאים און כתובים. זיי אַנטהאַלטען פיר און צוואַנציג ספרים, וואָס מען רופט עשרים וארבע. דאָס אַנשפּרעכט די ניין און דרייסיג ביכער פון די אייראָפּעאישע תנ"ך־איבערזעצונגען, אין וועל־כע שמואל א' און שמואל ב', מלכים א' און מלכים ב', דברי הימים א' און דברי הימים ב', עזרא און נחמיה און די צוועלף נביאים אחרונים זיינען גערעכענט באַ־זונדער. די קריסטליכע רעליגיע האָט גענומען דעם אַלטען טעסטאַמענט ביי די אידען. ממילא, האָבען די שריפטען אַ גרויסען באַדייט ניט בלויז פאַר די אידען, נאָר פאַר אַלע אַנהענגער פון די פּאָזיטיווע רעליגיעס.

די ערשטע טייל — תורה — באַשטייט פון פינף ספרים, חמשה חומשי תורה, וואָס מען רופט תורת־משה: בראשית, שמות, ויקרא, במדבר און דברים. די צווייטע טייל, „נביאים", באַשטייט פון די אַלטע

קיין ארץ ישראל, האָט ער זיך אויסגעשפּרייט אויף דער ערד, געקושט די שטיינער און מיט באַגייסטערונג געזונגען זיין ליד: „ציון, הלא תשאלי לשלום בניך" (ציון, דו פרעגסט דאָך, וואָס עס מאַכען דיינע קינדער). דאָס דאָזיגע ליד ווערט נאָך עד־היום געזאָגט אין די קינות אום תשעה באב. אַן אַראַבער איז דורכגעגאַנגען. ער האָט דערזעהן, ווי אַ איד ליגט אויסגעצויגען אויף דער ערד און זינגט אַ לויב־ליד צום לאנד מיט גרויסער באַגייסטערונג. דער אַראַבער האָט ניט גע־קענט פאַרטראָגען, וואָס אַ איד האָט אַזוי ליב דאָס לאַנד. ער איז איהם באַפאַלען און דערשטאָכען אויף טויט. אַזוי איז אומגעקומען ר' יהודה הלוי.

די איבערזעצונג פון דעם ליד אין אידיש איז געמאַכט פון ק. מ.

געשיכטליכע כתבים (נביאים ראשונים), וואו עס ווערט דערציילט וועגען לעבען און טויט פון די ערשטע נביאים און פאָלקס-פיהרער פון ישראל: יהושע, שופטים, שמואל, אליהו, אלישע, און די מלכים, און באַשרייבט די געשיכטע פון אידישען פאָלק פון משה׳ס טויט ביז׳ן פאַלען פון דער ממלכת יהודה, און די שריפ־טען פון די שפּעטערדיגע נביאים, אָדער נביאיש׳ע שריפטען אין אייגענטליכען זינען, די שריפטען פון ישעיהו, ירמיהו, יחזקאל; די קלענערע נביאים, ווי הושע, יואל, עמוס, עובדיה, יונה, מיכה, נחום, צפניה, חבקוק, חגי, זכריה, און מלאכי.

די דריטע אָפּטיילונג, די הייליגע שריפטען (כתבי הקודש), אָדער כתובים, אַנטהאַלטען דעם פּאָעטיש ספרים פון תהלים, אַנטהאַלט (150 מזמורים) ליריש און עפּישע פּאָעמעס, משלי שלמה, די טעאָלאָגישע דראַמע איוב, די חמש מגילות: שיר השירים, רות, איכה, קהלת און אסתר. די היסטאָרישע ספרים דניאל, עזרא, נחמיה און דברי הימים.

## וואָס איז דער תלמוד

דער תלמוד (דער אייגענטליכער טייטש פונ׳ם וואָרט תלמוד — איז לערנען) האָט זיך אָנגעהויבען שאַפען, ווען די אידען זיינען צוריקגעקומען פון גלות־בבל. אין אָט־דעם קורצען אָבער זעהר וויכטיגען פּע־ריאָד פון דער אידישער געשיכטע, האָט דאָס אידישע פאָלק באַנייט זיינע כחות, האָט זיך געשטאַרקט און געאייניגט, באַזונדערס אויפ׳ן געביט פון דער אידי־

שער רעליגיע און גאָטספאַרכטיקייט. זיי האָבען הויך אויפגעהויבען די פאָן פון דער אידישער תורה, געראַ־טעוועט די הייליגע טראַדיציע. די אידישע הלכה (גע־זעצגעבונג) און די יסודות פון דער אידישער אמונה זיינען געוואָרען די צוויי זיילען, די עמודי־התוך פון זייער לעבען.

די תורה, געגעבען פון גאָט דורך משה רבינו ביים באַרג סני, איז דער העכסטער געזעץ. אַלע דינים, חוקים און סיגים דרינגען אַרוים פון די רייד פון דער תורה. גאָט און זיין וואָרט איז, ממילא, דער העכסטער און דער איינציגער מקור פון געזעץ.

דער תלמוד איז געשאַפען געוואָרען איינצייטיג אין ארץ ישראל און אין בבל (תלמוד בבלי און תלמוד ירושלמי). אין איהם ליגט די אַרבייט פון גאַנצע דורות תלמידי חכמים (אידישע געלעהרענטע) אין פאַרלויף פון די ערשטע פינף הונדערט יאָהר פון דער מאָדער־נער צייטרעכענונג.

דער תלמוד איז אַ שטודיום פון דער תורה. דער תלמוד מאַכט פירושים אויף דער תורה, שטעלט זיך אָפּ אויף אַלע פּרטים. יעדער תג, יעדער אות פון דער תורה איז וויכטיג. דער תנא רבי עקיבא דרש'נט אפילו אַלע „את"ן (את — און) פון דער תורה. קיין פאָלק אין דער וועלט האָט ניט אַזוי טייער געהאַלטען זיין נאַציאָנאַלע ליטעראַטור און האָט זי ניט געהיט מיט אַזאַ אייפער און מסירת־נפש, ווי די אידען — די תורת משה.

פיל געלעהרענטע תלמידי חכמים האָבען מיט דער גרעסטער ליבע און איבערגעבנהייט אויסגעבויט

אַ פּרעכטיגען בנין פון אַ יורידישען סיסטעם, לעהר־נענדיג תורה לשמה, ניט־אויסען זיינענדיג קיין שום פּערזענליכע אייגעננוץ. דער תלמודישער קאָדעקס, מיט זיין פּאַרנעם און שלמות, שטייט העכער פון אַלע קאָדעקסען (זאַמלונגען פון געזעצען) פון אונזער צייט אפילו.

די אידישע געזעצגעבונג הויבט זיך אָן מיט'ן זאַץ: „אז דו וועסט קויפען אַ אידישען קנעכט, זעקס יאָהר זאָל ער דיך דינען, אויפ'ן זיבעטען יאָהר זאָלסטו איהם באַפרייען אָהן אויסלייז־געלט" (שמות כ"א, ב', פּרשה משפּטים). פון פּסוק ווייסען מיר אָבער ניט, ווי אַזוי קען מען אַ קנעכט קויפען. אַזוי זיינען פאַרהאַן אַ סך דינים, וואָס זיינען אין דער תורה בלויז אָנגעוואוינקען, אָבער ניט גענוי אויסגעטייטשט געוואָרען. די אויס־טייטשונג — דאָס איז געווען דער געביט פון תורה שבעל־פּה. דער תלמוד האָט אַ גרויסען רעליגיעז־יורי־דישען באַדייט, ווייל ער דערגענצט די ביבלישע גע־זעצען מיט אָנגענומענע פּאַרשריפטען, וואָס איז איבער־גענעבען געוואָרען בירושה פון מויל צו מויל (טראַדי־ציע), אָדער ער באַלייכט אַ דין, וואָס דאַרף אויפגע־קלערט ווערען. דער תלמוד'ישער קאָדעקס פאַר־טייטשט דעם פּסוק און ציהט פון איהם אַרוים די ווייט־גייענדע קאָנסעקווענצען. עס איז אַ קאָמענטאַטאָריש ווערק אויף דער תורה שבכתב. די כתבי הקודש, וואָס זיינען קאָנאָניזירט געוואָרען און וואָס מען האָט גע־מענט איבערשרייבען (תורה שבכתב), זיינען הגם דער וויכטיגסטער, אָבער דאָך נאָר אַ קליינער טייל פון דער העברעאישער ליטעראַטור. די גרויסע לייבען־

טייל פון אַט־דער ליטעראַטור, באַזונדערס רייך אין רעליגיעזע און לעגאַלע לעהרען, האָט כסדר געלעבט ביי דער זייט פון דער תורה שבכתב, אַלס מונדליכע טראַדיציע, — די תורה שבעל פה. די לעהרעס זיי־נען קולטיווירט געוואָרען אין די אַקאַדעמיעס פון ארץ־ישראל און זיינען באַקאַנט מיט'ן נאָמען משנה (אי־בער'חזר'ן) און תלמוד (לערנען).

היסטאָריש, ענטהאַלט דער תלמוד אָהן־צאָהליגע אַנווייזונגען וועגען אַלץ, וואָס עס איז געשעהן און אי־בערגעטראַכט געוואָרען ביי אידען אין אַ פעריאָד פון העכער צוויי טויזענד יאָהר. אין איהם זיינען אויפגע־היט געוואָרען פאַר אונז, פון איין זייט, זאַגען, גלייכ־ווערטלאַך, דאָקטרינעס, מוסר־געדאַנקען און אַנעקדאָ־טען, פון גאָר אַלטע צייטען, נאָך פון דער פאַר־תנ"ך תקופה, ד. ה.: פון די פריהע יאָהרהונדערטען, פון אַ צוויי טויזנט יאָר פאַר דער מאָדערנער צייט־רע־כענונג. פון דער צווייטער זייט, גיט אונז דער תלמוד אַ לעבעדיג און קלאָר בילד פון די דיסקוסיעס אין די שפּעטערדיגע אַקאַדעמיעס (בתי כנסיות, ישיבות) און פון באַשלוסען, וואָס זיינען אָנגענומען געוואָרען אין בבל, ערשט אין סוף פון 5־טען יאָהרהונדערט פון דער מאָדערנער צייט־רעכענונג. זיי אַנטהאַלטען הויפּט־זעכליך רעליגיעז־געזעצליכע לעהרעס, אַלטע מנהגים און שטייגערס, וואָס זיינען אויפגעהיט געוואָרען אין פאָלקס־זכרון.

ס'זיינען קורץ־געפאַסט געוואָרען אינטערפּרעטאַ־ציעס און אויסגלייכונגען פון די טיילען פון די כתבי־הקודש, וואָס פאַרנעמען זיך ניט מיט דער געזעצגע־

בונג, ווי געשיכטליכע טראַדיציעס, זאָגען און לעגענ־
דעס, וואָס זיינען איבערגעגאַנגען פון מויל צו מויל;
קלוגע מאמרים און כללים, ווי אַזוי מען זאָל זיך אויפ־
פיהרען, נאַטור־וויסענשאַפט, מעדיצינישע כללים, גע־
אָגראַפישע און עטנאָגראַפישע באַמערקונגען, אַסטראָ־
נאָמישע און אַסטראָלאָגישע דערפאַרונגען זיינען אי־
בערגעגעבען געוואָרען פון דור צו דור. מיט אַמ־די
אַלע פראַגען האָבען זיך פאַרנומען אונזערע חז״ל,
אייניגע פראַגען האָבען זיי באַהאַנדעלט כלאחר־יד,
פאַרבייגייענדיג, דערמאָהנט נאָר אין צייט פון אַפרוה,
אָדער איבערריים פונ׳ם לערנען. דאָס רוב פראַגען
זיינען אָבער ערענסט באַהאַנדעלט געוואָרען, גרינדליך
אויסגעפאָרשט און אויסגעלערענט געוואָרען, אַזוי אַז
מען זאָל עס גערענקען אויף אויסענווייניג, ווי אַ בעדיי־
טענדער טייל פון תורה שבעל־פה.

היות ווי אין לעבען פון אידישען פאָלק רעגולירט
די רעליגיע אַלע ספערען פון מענשליכער טעטיקייט,
פיהרט אָן מיט יעדען פיזישען און מאָראַלען שריט פון
דעם אידען, — ממילא, איז אין תלמוד אַריינגענומען
געוואָרען, בעת זיין רעדאַקציע, צוזאַמען מיט די יורי־
דישע ענינים, אויך די ניט־יורידישע. דער תלמוד האָט
טאַקע דערפאַר אַזאַ פיל־זייטיקייט און האָט דעריבער
אַזאַ גרויסען ווערט פאַר דער געשיכטע פון דער גע־
זעצגעבונג און רעליגיע צווישען די פעלקער אין אַל־
טערטום. דער תלמוד ענטהאַלט, צוזאַמען מיט׳ן מע־
טאָד פון דיסקוטירען געזעצען (אַ מעטאָד, וואָס די דויי־
טשען האָבען איבערגענומען ביים אויסאַרבייטען זייער
ציווילען קאָדעקס, זעה שרעדער — „דויטשע רעכטס־

געשעפטע", געשען־קאָלעקציע, נומער 621, זייט 91), אַ גאַנצע מענגע פון זעהר אַלטע טראַדיציעס, וואָס האָבען אַ שייכות צום לעבען און מנהגים פון די אַלטע פעלקער און ראַסען. אָט־די טראַדיציעס האָבען אַן אומשאַצבאַרען ווערט פאַר דער קריטישער אויספאָרשונג פון'ם אַלטערטום.

# ליגענס און פעלשונגען אין דער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור

## 1. דער בלוט־בלבול

די אַנטי־סעמיטען זאָגען, אַז אין „זוהר תיקונים", אַ הוספה צום „זוהר" *) ווערט פאָרגעשריבען דער ריטועלער מאָרד.

פון דעם טיפען אַלטערטום־אָן ווערט אָט־דער שקר־

*) „זוהר" (פּרעכטיקייט) — איז דאָס קלאַסישע ווערק פון קבלה, איינער פון די גרעסטע ביכער פון דער וועלט, אַ מיסטיש־טעאָזאָפיש ווערק, אַ פּרעכטיגער קאָמענטאַר אויף די חמשה חומשי תורה, איינשליסענדיג אַ סימבאָלישע אויסטייטשונג פון די פאָרמען פון אלף־בית, דעם רבונו של עולמ'ס נעמען, די תנ"ך־געשיכטען, טראַדיציאָנעלע און נאַציאָנאַלע מעשות. דער „זוהר" בעהאַנדעלט די נאַטור פון גאָט, פון דעם אוניווערס (קאָסמאָגאָניע און קאָסמאָלאָגיע), גוטס און שלעכטס. לויט דער מסורה, איז דער מחבר פון „זוהר" געוועזן רבי שמעון בן יוחאי, אַ תלמיד פון רבי עקיבא. רבי שמעון בן יוחאי איז געוועזן אַ באַריהמטער מיסטיקער און תנא. ער האָט געלעבט אין צווייטען יאָהרהונדערט פון דער מאָדערנער צייט־רעכענונג.

אין „זוהר", ווי אין אַלע קבלה־ספרים, איז, נאַטירליך, ניטאָ קיין רמז, קיין קוצו של יוד, וואָס זאָל ניט שטימען מיט דער תורה. מכל־שכן, אַז דער „זוהר" קען ניט דערלויבען דאָס, וואָס אין דער תורה אָדער תלמוד איז פאַרבאָטען.

השקרים פאַרשפּרייט: „די אידען באַגייען כלומר׳שט ריטועלע מאָרדען, כדי צו באַנוצען דאָס בלוט פון די קרבנות אויף ריטועלע צוועקען״.

ע נ ט פ ע ר:

די באַשולדיגונג איז אַן אומזיניגע. פון גאָר־אַלטע צייטען איז אונז פאַרבאָטען צו באַנוצען אפילו בלוט פון אַ בהמה, אָדער עוף. דער דאָזיגער פאַרבאָט ווערט פיעל מאָל איבערגע׳חזר׳ט אין דער תורה. אין תלמוד איז אָט־דער פאַרבאָט פאַרשטאַרקט געוואָרען דורך אַ סך סיגים און גדרים. אפילו אַן איי מיט אַ בלוטס־טראָפּען איז טריף. אין ויקרא ז׳, כ״ו—כ״ז, שטייט געשריבען: „איהר זאָלט ניט עסען קיין בלוט, וואו איהר זאָלט ניט וואוינען, סיי פון אַ בהמה, סיי פון אַן עוף. יעדער וואָס וועט עסען בלוט, זאָל פאַרשניטען ווערען פון זיין פאָלק (כרת)״. (פרשה צו).

דער אויסצוג, וועלכען די אַנטיסעמיטען ברייגנען פון „זוהר תיקונים״, רעדט וועגען פאַראַלעליזם צווישען דעם שם־המפורש און די פאַרשיידענע גרופּען פון רעליגיעזע געבאָטען. אין שייכות דערמיט, רעדט דער מחבר וועגען פאַראַלעליזם צווישען דער געטליכער גערעכטיקייט און דעם שחיטה־ריטואַל איבער בהמות און עופות. צווישען אַנדערע שרייבט ער:

„תפילה פאַרטרעט דעם קרבן, וואָס אידען האָבען געבראַכט בשעת דער בית־המקדש האָט עקזיסטירט. דורך תפילה דערנעהענטערט זיך דער מענש צו גאָט. תפילה איז מציל פון טויט און פון די הענט פון׳ם מלאך המות. די, וואָס האַנדלען ווי בהמות, עסען אָהן תפילה, שטאַרבען מיט אַ טויט פון בהמות.

דער מלאך־המות שעכט זיי. זיי ווערען אַנגערופען עצמות יבשות (טרוקענע ביינער)״.

די אַזוי־גערופענע ריטואַל־מאָרד־פּראָצעסען זיינען שטענדיג פאַרגעקומען צוליב דער העצע פון די אידען־פרעסער. זיי האָבען שטענדיג אָנגעשטרענגט אַלע זייערע כחות און זייער גאַנצע מאַכט, כדי אויפצוהוי־בען די עפנטליכע מיינונג געגען אידען. אָבער, ניט געקוקט אויף אַלע אויספאָרשונגען, האָט מען, נאַטיר־ליך, קיינמאָל ניט אַרויסגעבראַכט דעם מינדסטען באַ־וויז, אפילו ניט קיין שאָטען פון אַ באַווייז וועגען דעם, אַז עס זאָל עקזיסטירען ביי אידען ריטואַל־מאָרד. די גרעסטע סענסאַציעס האָבען אַרויסגערופען די פּראָצע־סען אין טישאַ־עשלאר (1882), קסאנטען (אין ריינישׁ פּרייסן — 1891), קאָניץ (אין צפון־פּרייסן, — 1900), קיעוו (רוסלאַנד, 1911). די אידישע באַשולדיגטע אין ריטואַל־מאָרד זיינען אומעטום און אין אַלע פּראָצעסען באַפרייט געוואָרען. אָט די אַלע באַשולדיגטע אידען זיינען אפילו ניט פאַר׳משפּט געוואָרען אַלס סתם־מער־דער, אָפּגערעדט שוין, אַז עס איז ניט געווען קיין פונק, קיין שמץ באַווייז וועגען רעליגיעזען מאָטיוו אין מאָרד.

זעהר אינטערעסאַנט איז די פאַרטיידיגונגס־רעדע פון דעם הויפּט־אַדוואָקאַט לאַאוץ אויף דעם קוניץ־פּראָ צעס: „איך האַלט ניט פאַר נויטיג, — האָט דער פאַר־טיידיגער געזאָגט — אַריינצוגיין אין אַ ווייטערדיגער דיסקוסיע וועגען דער פראַגע פון ריטואַל־מאָרד. עס איז אַ פאַקט, אַז אין די אידישע רעליגיעזע לעהרעס איז ניטאָ קיין דין וועגען ריטואַל־מאָרד. עס איז אויך באַוואוסט, אַז ווען ווער־ניט־איז וואָלט אפילו געוואָלט

זיך לאָזען אויף דעם וועג, וואָלטען די רבנים און מנהי־גים פון אידישען גלויבען איהם גע׳רודפ׳ט עד־חרמה. איך קען נאָר דערמאָנען דעם גבית־עדות פון אַרציבי־שאָף דר. קאָפּ, וואָס פאַלט פולשטענדיג צוזאַמען מיט אָט־דעם שטאַנדפונקט. איך דאַרף ניט מעהר ריידען וועגען דעם, ווייל וואָלטען מיר טאַקע געהאַט צו טהאָן מיט אַזאַ פּראַקטיק צווישען אידען, וואָלט דער עולם זיכער געוואוסט וועגען דעם גענוי, צוליב דער שוידער־ליכקייט פון אַזעלכע אַקטען. מען קען דעריבער זי־כער זיין, נעהמענדיג אין באַטראַכט דעם שטראָף־קאָדעקס, אַז אַזעלכע מערדער־אַקטען קאָנען ניט געמאַכט און טאָלערירט ווערען אין די רעליגיעזע קרייזען פון די אידען״.

אין טישאַ־עשלאַר־פּראָצעס, האָט דער באַריהמטער אָריענטאַליסט דר. טעאָדאָר נאָלדעקע, זיך געגעננגע־שטעלט, מיט דער גרעסטער ענערגיע און קאַטעגאָ־רישקייט, געגען דער פאַרשפּרייטונג פון דעם ריטואַל־מאָרד־בלבול. אין דער קאָלעקציע: „קריסטליכע מיי־נונגען וועגען דעם בלוט־בלבול״, וואָס איז אַרויסגע־געבען געוואָרען אין צוזאַמענהאַנג מיט׳ן פּראָצעס, שליסט נאָלדעקע זיין מיינונג מיט די ווערטער:

„. . . אַזעלכע מעשים זיינען דיאַמעטראַל געגענ־זעצליך די פּרינציפּען פון יודאַאיזם. אַ איד, וואָס זאָל וועלען באַגיין אַזאַ אַקט, וואָלט באַלד אויסגעשלאָסען געוואָרען פונ׳ם כלל־ישראל. די וועלכע גלויבען, אָדער חזר׳ן איבער אַזעלכע לעגענדעס, דאַרפען וויסען, אַז אַזלכע פאַרוואורפען זיינען געמאַכט געוואָרען, נאָך פון אַלטע צייטען־אָן, געגען פאַרשיידענע אָרגאַניזירטע רע־

ליגיעזע סעקטען. ווער ס'גלויבט און האַלט, אַז אידען באַנוצען מענשליך בלוט פאַר אַ וואַסער־ניט־איז צע־רעמאָניע, שטייט אויפ'ן ניוואָ פון די ווילדע אָריענטאַ־לישע פאַראורטיילען און רעליגיעזען האַס".

אין פאָלנער בלוט־בלבול (פאָלנא — אַ שטאָט אין באָהעמיען), אין יאָהר 1899, אין וועלכען עס איז באַשולדיגט געוואָרען לעאָפּאָלד הילסנער, האָט פּראָ־פעסאָר ג. מאַסאַריק, דער שפּעטרדיגער פּרעזידענט פון דער אַזוי־שווער געטראָפענער טשעכאָסלאָוואַקי־שער רעפּובליק; אַ מאַן, וואָס איז געווען געאַכטעט ביי דער גאַנצער וועלט, סיי אַלס שטאַטסמאַן און סיי אַלס וויסענשאַפטס־מאַן — געשריבען אין זיין בוך: „די באַדייט פון פאָלנאַ־פאַרברעך פאַר די ריטואַלע פאַראורטיילען" פאָלגענדעס:

„די אַנטיסעמיטען זעהען אין דעם פאָלנאַ־פאַר־ברעך דעם שטאַרקסטען באַוויז פאַר דער ריכטיקייט פון די ריטואַלע אַבערגלויבונגען. דאָס האָט מיך גע־צוואונגען צו אויספאָרשען דעם ענין גענוי, פון אַלע זייטען, און די רעזולטאַטען פון מיין אונטערזוכונג זיי־נען פאָלגענדע: דער פאָלנאַ־פאַרברעך איז ניט קיין ריטועלער פאַרברעך. פאַרקעהרט, ס'זיינען דאַ בולט'ע באַווייזען, אַז פאַראורטיילען זיינען פאַראורטיילען אין פולען זין פון וואָרט. דער גאַנצער פאָלנאַ־ענין איז אַ באַליידיגונג פאַר'ן מענשליכען פאַרשטאַנד און פאַר דער מענשהייט אַלס אַזעלכע".

אין אָהן אַ שיעור געריכטליכע אַרויסטרעטונגען געגען די אַנטי־סעמיטישע אַגיטאַטאָרען און צייטונגען מיט דער באַשולדיגונג פון באַליידיגען אונז, האָבען די

געריכטען שטענדיג איינגעפונען, אַז די רייד פון די אי־דען־העצער האָבען ניט קיין שום האַפט. דער אורטייל פון די נירענבערגער ריכטער פון 4־טען נאָוועמבער, 1929, לויט וועלכען די אידען־פּרעסער שטרייכער און האָלץ זיינען פאַר׳משפט געוואָרען צו דריי און אַ האַלב און צוויי מאָנאַט תפיסה לויט׳ן סדר, איז באַזירט געווען אויף דער מיינונג פון דעם קריסטליכען טעאָלאָג פּריוואַט־ראַטגעבער פּראָפ. גאַרסטבערגער (מינכען). ער שטעלט־פעסט, אַז אין קיין אידישען געזעץ־בוך געפינט זיך ניט קיין איינציגע שטעלע, וואָס זאָל קענען אויסגעטייטשט ווערען, אַז מאָרד זאָל ערלויבט זיין צו אידען.

דער רייכס־געריכט האָט זיך אויך באַשעפטיגט מיט דעם ענין און דורך אַן אורטייל (אונטער׳ן נומער 1323, 1929, 9 באַנד, 6, 1930) האָט ער באַשטעטיגט די מיינונג פון נירענבערגער ריכטער־באַשטאַנד.

אַז אין פאַל פון ריטואַל־מאָרד האָבען מיר צו טהאָן מיט אַ בלבול, איז זיכער אפילו פון דעם פאַקט אַליין, וואָס די רוימער האָבען באַשולדיגט די ערשטע קריסטען אין ריטואַל־מאָרד. אַ סך קלויסטער־פאָטערס האָבען זיך געמוזט פאַרטיידיגען געגען אָט־דעם שווידערליכען בלבול, ווי די מאַרטירער יוסטיניוס, אַטענאַגאָראַס (זעה הערמאַן ל. שטראַק: „דאָס בלוט אין גלויבען און אַבערגלויבען פון דער מענשהייט״). דער בלבול אויף קריסטען, אַז זיי באַנוצען מענשליך בלוט האָט געדויערט לאַנגע יאָהרהונדערטען. בלויז ווען קריסטענטום איז געוואָרען דער גלויבען פון דער

מעהרהייט — ערשט דעמאָלט האָט אָט־דער בלבול אויפגעהערט צו פּייניגען די קריסטען . . .

אָבער אפילו דעמאָלט האָבען איהם די קריסטען גענוצט אין פאַרשיידענע פאָרמען געגען מאַניקענס, די ערשטע גנאָסטיגער, וואלדענסיענס, אלביגענסיעס און אַנדערע הערעטיקער (אפּיקורסים). די קאַטאָליקען האָבען איהם באַנוצט געגען די הוגענאָטען און פּוריטאַנער, און פּראָטעסטאַנטען האָבען איהם גענוצט געגען קאַטאָליקען. און אפילו ביים היינטיגען טאָג, אין כינע, ווען אַ כינעזיש קינד ווערט פאַרלוירען, גלויבט דער המון, אַז עס איז צוגעכאַפּט געוואָרען דורך אַ וועלכער־ס'איז קריסטליכער מיסיע, געשטאָכען געוואָרען און דאָס בלוט פאַרנוצט פאַר'ן קריסטליכען ריטואַל.

צום סוף דאַרף מען נאָך באַמערקען, אַז די אידישע אמונה איז זעהר ווייט פון זיין אַ „מאָרד"-גלויבען, זעהר ווייט פון צו שטיין אונטער אַזאַ חשד. דווקא די אידישע אמונה איז געווען די ערשטע, וואָס האָט הויך אויסגעשריהען צו דער וועלט דעם געבאָט: — „לא תרצח" (זאָלסט ניט מאָרדען).

### 2. די לעגענדע וועגען „ראַסען־שענדונג"

די אַנטיסעמיטען דערציילען אַ גרויל-געשיכטע, אַז דער תלמוד באַפוילט די אידען צו פאַרגוואַלטיגען אַרישע פרויען, מיידלאַך און בתולות. די בבא-מעשה, איז „געבויט", שרייבט שטרייכער'ס „שטירמער", אויף פיער שטעלען אין תלמוד:

א) אַ איד מעג פאַרגוואַלדיגען אַ ניט-אידישע פרוי (רמב"ם *), יד החזקה 2,2).

ב) אַ אידען איז דערלויבט צו מזנה זיין מיט אַ פרוי פון אַ ניט-אידען (סנהדרין, דף נ"ב, ע"ב).

ג) מען מעג פאַרגוואַלטיגען אַ ניט-אידיש מיידעל, אויב זי איז נאָר אַלט 3 יאָהר מיט אַ טאָג (עבודה זרה, דף ע"ג, ע"א).

ד) אַ איד מעג טהאָן מיט זיין ווייב, וואָס ער וויל. ער מעג זי באַהאַנדלען, ווי אַ שטיק פלייש, וואָס קומט פון שחיטה-הויז: ער מעג זי עסען רוי, געקאָכט, אָדער געבראָטען (נדרים, דף כ', ע"ב).

**ענטפער:**

קיין איינע פון די געבראַכטע „ציטאַטען" איז אַפילו ניט בערכ'דיג קאָרעקט. די ערשטע ציטאַטע פון רמב"ם איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. פונקט דער היפוך, דער רמב"ם פאַרבאָט יעדע מין געשלעכטליכע באַציהונג, אויסער חתונה, אַלץ איינס צי די פרוי איז אַ אידישע אָדער ניט-אידישע. די צווייטע ציטאַטע איז אויך אויסגעטראַכט. די דריטע ציטאַטע איז אי־בערגעדרייט און געבראַכט קאַפויר. די חז"ל באַהאַנד־

*) די גאַנצע אידישע געזעצגעבונג איז געבויט אויף די חמשה חומשי תורה. די אויסטייטשונגען און צוגאַבען צו דער תורה זיינען איינגעפאַסט אין תלמוד ירושלמי, אָפגעשלאָסען אין 4־טען י. ה. און אין תלמוד בבלי, אָפגעשלאָסען אין 6־טען י. ה. דער רמב"ם האָט אין יאָהר 1168 פאַרפאַסט אַ קאָדעקס אונטער'ן נאָמען „משנה תורה", אָדער „יד החזקה". אין דעם ווערק האָט ער אַרויסגענומען אַלע דינים פון תלמוד וועלכער איז אַן אמת'ער ים, אַן אמת'ער לאַבירינט. דער רמב"ם האָט די דינים אויפגעזאַמעלט און מסדר געווען און געשטעלט זיי לויט די ענינים.

לען די פראַגע, צי מעג אַ איד געפינען זיך אין יחוד (ד. ה. טרעפען זיך אין אַ פאַרמאַכטען צימער) מיט אַ געצענדינערישער פרוי, וועלכע איז 9 יאָהר אַלט. די דיסקוסיע אין שייכות דערמיט איז פאַרבונדען מיט'ן דין, וואָס די תורה פאַרבאָט געשלעכטס־באַציהונגען ניט נאָר מיט אַ אידישער פרוי, נאָר אויך מיט אַ וועל־כער־ניט־איז ערוואַקסענע פרוי. די חז"ל קומען צום איינשטימיגען באַשלוס, אַז עס זיינען פאַרבאָטען אַלער־ליי אינטימע באַציאונגען מיט די בנות העכו"ם. אין שייכות דערמיט, ווייזט־אָן דער אמורא רבינא, אַז אַ פרוי פון די עכו"ם ווערט רייף געשלעכטליך צו דריי יאָהר מיט אַ טאָג.

די פערטע כלומר'שטע ציטאַטע איז אַן אומער־הערטער פאַלסיפיקאַט. דער ענין האָט צו טהאָן מיט צניעות. אין שייכות דערמיט וויל רבי יוחנן בן זכאי אויסדריקען פאַראַבאַליש דעם געדאַנק, אַז צווישען מאַן און ווייב דאַרפען ניט עקזיסטירען קיין באַזונדערע כללים און שטערונגען ביים אָפּהיטען די געזעצען פון צניעות. אַנדערע חכמים האַלטען, אַז דער מאַן איז מחויב אָפּצוהיטען די עטישע כללים אין די אינטימע באַציהונגען מיט זיין אייגענער פרוי. די חכמים זאָ־גען: „מען קען קיינעם קיין דעה ניט זאָגען, ווי ער זאָל עסען פלייש: רוי, געקאָכט, אָדער געבראָטען".

דער רעדאַקטאָר פונ'ם פאַטריאָטישען אָרגאַן „די פלאַמע" (באַמבערג) האָט ערקלערט אין אויגוסט 1926 אין אַן עסיי: „די דייטשע בתולות אין געפאַהר", אַז דער תלמוד „פאַרפליכטעט" די אידען צו פאַרגוואַלדי־גען ניט־אידישע פרויען. דער עקספערט, פּרעלאַט,

פּריוואַט־ראַטגעבער פּראָפ. יאָהאנעס, האָט פעסטגע־שטעלט אונטער אַ שבועה, אַז די ערקלערונג איז פאַלש. דער באַמבערגער געריכט איז, אויף זיין זיצונג פון 15 יולי 1927, האָט זיך געשטיצט און האָט באַשטראָפט ל. מאָלער, דעם פאַראַנטוואָרטליכען רעדאַקטאָר פון דער אויסגאַבע. דער דייטשער רייכס־געריכט אין לייפּציג האָט דעם באַמבערגער אורטייל באַשטעטיגט, דעם 25 נאָוועמבער 1927.

**3. די לעגענדע וועגען פאַלש שווערען**

די אַנטיסעמיטען דערציילען, אַז דער תלמוד לייגט אַרויף אַ הייליגע פליכט אויף יעדער אידען צו געבען אַ פאַלשע שבועה, ווען ער האָט אַ קאָנפליקט מיט אַ ניט־אידען, אויב די פאַלשע שבועה קען איהם בריינגען נוצען. איבערהויפּט ווערט אַטאַקירט כל נדרי, וואָס ווערט געזאָגט ערב יום כפור. זיי טענה'ען, אַז כל־נדרי באַפרייט אידען פון פאָראויס פון אַלע שבועות, וואָס זיי גיבען צו ניט־אידען אין פאַרלויף פון אַ גאַנ־צען יאָהר.

**ענטפער:**

אין די אידישע הייליגע ספרים זיינען פאַרהאַן אַ סך פאַרשריפטען, אני־מאמינ'ס און דברי־מוסר, וואָס וואָרענען געגען פעלשען אַ שבועה, אָדער ניט אויס־פיהלען קיין נדר. אין דעם זינען מאַכט דער תלמוד ניט קיין שום אונטערשייד צווישען אַ אידען און ניט־אידען. אין „משנה תורה", הלכות שבועות, פרק שני, א', באַמערקט דער רמב"ם, אַז אפילו ווען איינער זאָגט אמן, אָדער אַן ענליכען וואָרט צו אמן אויף אַ שבועה, וואָס אפילו אַן עכו"ם האָט פאָרגעזאָגט, איז

עס שוין אַ פולשטענדיגע שבועה און דער איד איז מחויב די שבועה צו מקיים זיין, ווען ניט טראָגט ער אַלע קאָנסעקווענצען פון אַ פאַלשער שבועה. מען דאַרף נאָך צוגעבען, אַז אַ פאַלשע שבועה, וואָס איז נוגע אַ ניט־אידען איז נאָך אַ הארבערע זינד, ווי געבען אַ פאַלשע שבועה צו אַ אידען, ווייל אויסער דעם וואָס מען האָט פאַלש געשוואוירען, איז מען באַגאַנגען אַ חלול השם.

די אידישע טראַדיציע האַלט, אַז יעדע שבועה, אפילו ניט קיין פאַלשע, אויב מען האָט זי געקענט אויסמיידען און מען האָט עס ניט געטהאָן און גע־שוואוירען, איז געגליכען ווי מען זאָל שווערען פאַלש. דער דריטער געבאָט: „לא תשא את שמי לשוא", — „זאָלסט נישט שווערען פאַלש", מיינט אויך ניט שווע־רען אומנויטיג. דער תלמוד פאַרטייטשט דאָס וואָרט „לשוא" — נוצלאָז, אומנויטיג. די געזעצגעבונג פון נאָך דער תנ"ך־תקופה האָט איינגעפלאַנצט אין באַ־וואוסטזיין פון אידישען פאָלק, אַז אַ שבועה איז הייליג און מען מוז זיך צו איהר באַציהען מיט אָפּגעהיטקייט און פאָרכט. עס איז דעריבער אָנגענומען ביי אידען — בעסער ליידען אַ היזק, איידער נעמען אַ שבועה.

„רב כהנא האָט געזאָגט און אַנדערע זאָגען, אַז רב יהודא האָט געזאָגט: עס איז אַמאָל פאָרגעקומען אַזאַ מעשה: איינער האָט אין אַ הונגער יאָהר געגע־בען אַ רענדעל צו פאַרבאַהאַלטען ביי אַן אלמנה. האָט די אלמנה דעם רענדעל פאַרבאַהאַלטען אין אַ קרוג מיט מעל. דערוייל האָט זי פאַרגעסען וועגען דעם, אַז זי האָט אין דעם מעל פאַרבאַהאַלטען דעם

רענדעל, זי האָט פון דעם מעל אויסגעבאַקען ברויט און האָט דאָס ברויט אַוועקגעגעבען אַן אָרימאַן. איז געקומען צו גיין דער בעל הפקדון און ער האָט גע־זאָגט צו דער פרוי: גיב מיר אָפּ מיין רענדעל. האָט איהם די פרוי געענטפערט: זאָל אַזוי מיין זון האָבען סם־המות אין זיין מויל, ווי איך האָב הנאה געהאַט פון דיין רענדעל (ד. ה.: זאָל שטאַרבען מיין זון, אויב איך האָב דאָס רענדעל פאַרנוצט פאַר מיין הנאה וועגען). דערציילט מען, אַז אין אַ קורצער צייט אַרום איז איהר זון טאַקע געשטאָרבען, און ווען די חכמים האָבען גע־הערט וועגען דער געשיכטע, האָבען זיי געזאָגט: אויב פאַר שווערען אויף אַן אמת ווערט מען אַזוי גע־שטראָפט, ווער רעדט נאָך שווערען אויף אַ שקר, ווערט מען דאָך אודאי און אַודאי געשטראָפט" (גיטין, דף ל"ה, ע"א).

אַזוי באַציהט זיך דער תלמוד צו דער הייליקייט פון אַ שבועה און אַזוי פאַרפליכטענד איז אַ שבועה פאַר יעדען, וואָס גיט זיי, און אַזוי אָפּגעהיט דאַרף מען זיין מיט געבען אַ שבועה. ווייל שווערען אויף אַן אמת, אַז עס איז אַן אמת, איז אויך אין אַ געוויסען זין אַ שבועת שוא (אַן אומזיסטע שבועה), ווי שווערען אויף האָלץ, אַז עס איז האָלץ און דאָס גלייכען.

## כל נדרי

„ווען דו טהוסט אַ נדר צו גאָט דיין גאָט, זאָלסטו נישט פאַרזאַמען צו ממלא זיין, ווייל גאָט וועט עס פון דיר פאָדערען און עס וועט זיין אַ זינד. דאָס וואָס דיין

מויל האָט אַרויסגערעדט, היט אָפּ, און דו זאָלסט טהאָן ווי דו האָסט מנדר געווען פאַר גאָט דיין גאָט . . .״ (דברים כ״ג, כ״ב—כ״ד, פרשה תצא).

די תפילה פון אויסלייזונג פון נדרים, וואָס ווערט אָנגערופען „כל נדרי״ — נעמט נישט אריין די שבועות, וואָס זיינען געמאַכט געוואָרען צו אַנדערע מענשען, אָדער אָפּגעגעבען געוואָרען אין געריכט. „כל נדרי״ איז אַ באַפרייאונג בלויז פון די נדרים, וואָס אַ מענש האָט גענומען אויף זיך און וואָס זיינען בלויז איהם אליין נוגע, און קיין אַנדער מענש אָדער כלל קען דער־פון ניט ליידען, דאָס הייסט בלויז די נדרים, וואָס האָ־בען צו טהאָן מיט׳ן מענשליכען געוויסען, בין אדם למקום (זעה תוספות, נדרים דף כ״ג, ע״ב). אַ שבֿועה, אָדער אַ נדר, וואָס איז נוגע אַן אַנדער מענשען, אַ גע־ריכט־אורטייל, אָדער אַ גאַנצען צבור, אַזאַ שבועה אָדער נדר האָט ניט קיין שייכות צו כל נדרי.

כל נדרי, מעהר ווי אַלע אַנדערע תפילות, קומט פון טיפען הארצען פון דעם בעל־תשובה. זי איז אי־בערהויפּט באַליבט, ניט אַזוי צוליב די ווערטער, ווי צו־ליב דעם יום־טוב׳דיגען טרויעריגען און רירענדען ניגון *), וואָס ווערט אַלץ שטאַרקער און גייט איבער

*) ווער עס איז דער מחבר פון דעם וואונדערליכען כל־נדרי־ניגון — ווייסט מען ניט. דער וואַרשעווער שרייבער ב. יאושזאָהן ברייננט אין זיין בוך „פון אונזער אַלטען אוצר״ (צווייטע זאַמלונג, פערטער באַנד, וואַרשע תרצ״ד, זייטען 404—405) פאָלגענדעס:

„צווישען די מקורבים פון שפּאַנישען קעניג פערדינאַנד האָט זיך

בהדרגה פון די שטילסטע צו די העכסטע טענער. די קלאַנגען פון דעם ניגון רופען אַרויס אין די הערצער פון די פרומע מתפללים געפיהלען, וואָס קומען פון די סאַמע טיפענישען פון דער נשמה.

כל נדרי איז געווען דער באַליבטער ניגון פון דעם פריסישען פעלד־מאַרשאַל פאָן מאָלטקע (1800—1891), וואָס דער כלי־זמר יאָאַכים האָט עס געשפילט פאַר איהם. קאַרל בעק, אַ פריינד פון דעם עסטרייכישען לירישען פּאָעט ניקאָלאַי לענאַאו, דערציילט אין זיין טאָג־בוך (פאַרעפענטליכט אין 1884) וועגען דעם דיכטער׳ס איינדרוק פון כל־נדרי־נגון. לענאַאו האָט גערעדט וועגען דער מאַרסעליעזע און וועגען דעם ראַקאָטשי־מאַרש און האָט פאַרגעזעצט:

„אָבער מעהר, ווי די ניגונים פון קריעג און גע־

---

געפונען אַ געוויסער דאָן מאַנועל, וועלכער איז געווען זעהר פּאָפּולער. דאָן מאַנועל איז געווען איינער פון די אנוסים. ער איז אָבער ענט־דעקט געוואָרען דורך די שפּיאָנען פון דער הייליגער אינקוויזיציע און דער טריבונאַל האָט איהם פאַר׳משפט פאַרברענט צו ווערען אויפ׳ן אויטאָ־דאַ־פע. דער קעניג איז אַליין געקומען צוקוקען זיך צו דער עקזעקוציע. דער קעניג האָט אפילו אויסגעדריקט זיין פאַרלאַנג צו באַגנעדיגען דעם פאַר׳משפט׳ן בתנאי, אַז דאָן מאַנועל זאָל עפענטליך אויסדריקען זיין חרטה און שווערען, אַז ער וועט להבא זיין טריי דער קריסטליכער אמונה.

דאָן מאַנועל האָט זיך פאַרטראַכט אַ ווײַלע און דאַן האָט ער זיך געווענדעט צום קעניג און גענומען שרייען:

— די קייט, די קייט, ווי אַזוי רייסט מען איבער די קייט?

— וועלכע קייט? — פרעגט איהם דער קעניג — דו ביסט דאָך ניט געבונדען אין קייטען! . . .

— די קייט? — האָט דאָן מאַנועל ניט אויפגעהערט צו שרייען — די קייט פון אברהם, יצחק ויעקב, די קייט, וואָס ציהט זיך ביז דוד המלך (דאָן מאַנועל האָט געהאַט אַ יחוס־בריף, אַז ער שטאַמט מגזע דוד), ווי אַזוי קען איך עס פועל׳ן ביי זיך די דאָזיגע קייט איבערצורייסען.

וועהר, איז מיר נאָהענט צום האַרצען אַ דריט געזאַנג, וואָס איז דורכגעזאַפּט מיט אומעט, אַ טיפער נאַכטיגער ניגון פון תשובה און חרטה פון מענשען־קינדער. כל נדרי איז דער נאָמען פון דער עלעגישער תפילה. איך האָב עס געהערט מיט יאָהרען צוריק אין מיין היים־שטאָט. עס איז געווען די נאַכט פון ערב יום כפור. איך האָב זיך באַהאַלטען אין אַ ווינקעל פון דער שוהל, כדי נישט צו שטערען די דאַוונענדיגע. דער עולם אין שוהל, אָנגעטהאָן אין שניי־ווייסע קיטלען, איז געשטאַנען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ. עס האָבען געברענט גרויסע וועקסענע ליכט. דער חזן האָט אָנגעהויבען זינגען אין טיעפען ערענסט אַ האַרץ־פאַרנעמענדיגען ניגון פון מחילה, אַ ניגון פול מיט צאָרען און גענאָד.

---

און דאַן האָט ער אויסגעשריען: „שמע ישראל” און איז אַריינגעשפּרונגען אין ברענענדען שייטער־הויפען.

איינער פון די דעמאָלטדיגע קאָמפּאָזיטאָרען זאָל די אַלע מאָמענטען האָבען פאַראייביגט אין אַ מוזיקאַלישער שאַפונג, וועלכע איז נאַכהער בכל תפוצות ישראל אָנגענומען געוואָרען אַלס טראַדיציאָנעלער ניגון צו „כל־נדרי”: אין די ערשטע איינלייטונגס־טענער קומען צום אויסדריק די הייליגע געפיהלען פון די אנוסים, בשעת זיי פאַרזאַמלען זיך אינ׳ם פאָרכטיגען טאָג אין די אונטערערדישע חדרים מתפלל צו זיין צום בורא־עולם. דאַן ווערען די טענער וואָס אַמאָל העכער, שטורמישער, עס הערען זיך פאַרשטיקטע קולות, פול מיט פחד און פאַרצווייפלונג. עס איז דער פלוצלינגער איבערפאַל פון די אינקוויזיציע־סאָלדאַטען, וועלכע רייסען זיך אַריין אינ׳ם פאַרבאָרגענעם באַהעלטעניש . . . און דאַן — די שטילע יאוש־זיפצען פון די אין־קייטען געשמידטע מאַרטירער . . . דאַן — דאָס פיהרען דעם פאַראורטיילטען צו דער עקזעקוציע . . . דאַן — דער הילכיגער „אוי־אוי־אוי”, וועלכער איז פול מיט שטאָלץ, עקשנות, פאַרביסענקייט און פאַראַכטונג צו די שונאים און אין וועלכען עס הערט זיך דער אויסגעשריי פון דאָן מאַנועל: „די קייט! די קייט! . . . ” און דאַן — די לעצטע כאָרכלענדיגע גסיסה־טענער, די אויסגייענדע כחות, וועלכע פאַרענדיגען זיך מיט „שמע ישראל” ! . . . ”

אַן אומגעוויינליך געפיהל האָט מיך אַרומגעכאַפּט. איך האָב ספּאָנטאַטיש געכליפּעט, הייסע טרעהרען זיינען געראָנען פון מיינע אויגען. איך בין אַרויס און בין אַנט־לאָפען אין דער נאַכט אַריין. אין יענער אומפאַרגעס־ליכער שעה איז קיין איין טונקעלער פלעק ניט גע־ווען אין מיין נשמה. פון דעמאָלט־אָן רוהט דער כל־נדרי־ניגון אויף די אַקאָרדען פון מיין פידעל, און עס איז אַ פרייד פאַר מיר צו אויפוועקען די סטרונעס פאַר דעם געזאַנג. איך וואָלט וועלען, אַז פריינדליכע שטי־מען זאָלען דעם ניגון זינגען אין מיין לעצטער שעה".

אין האַרבסט פון 1910 איז צו לעוו טאָלסטאָיען, אין זיין גוט יאַסנאַיאַ פּאָליאַנאַ געקומען צו גאַסט דער באַריהמטער פידעל־שפּילער ערדענקאָ, און טאָלסטאָי האָט איהם געבעטען שפּילען אייניגע פון זיינע באַליב־טע זאַכען. צום סוף פון קאָנצערט, האָט איהם טאָל־סטאָי געבעטען צו שפּילען כל נדרי. ווען דער גרייז־גרויער שרייבער־פילאָסאָף האָט אויסגעהערט דעם מייסטעריש־אויסגעשפּילטען ניגון, האָט ער אויסגערו־פען מיט גרויס אַנטציקונג: דאָס איז דער טרויעריג־סטער און אויך דער סאַמע באַגייסטערטער ניגון, וואָס איך האָב ווען עס איז געהערט. דאָס איז די מאַרטי־רער געשיכטע פון אַן אומגליקליך פאָלק, פאַרקערפּערט אין מוזיק (עסטרייכישע וואָכען־שריפט, 1910, נומער 40).

כל נדרי שטאַמט פון דער צייט פון די וועסטגאָ־טישע רדיפות אויף אידען אין זיבעטען יאָהרהונ־דערט. אונטער דער רוימישער הערשאַפט האָט שפּאַ־ניע דורכגעלעבט אַ גאָלדענע עפּאָכע. עס ווערט דער־

ציילט, אַז זי האָט דעמאָלט געהאַט 40 מיליאָן איינ־וואוינער. אַדריאַנוס'עס געבורט־שטאָט, טאַראַגאָנאַ, האָט מען דעמאָלט גערופען די „אידישע שטאָט". אונ־טער דער הערשאַפט פון די אַריאַנער (אויפגעקלערטע אפיקורסים) האָבען די אידען געהאַט פּאָליטישע און בירגערליכע גלייכבאַרעכטיגונג. זיי האָבען געהאַט אַ צוטריט צו עפענטליכע אַמטען, און ספּעציעל האָט מען ליב געהאַט אידישע ריכטער.

נאָך דער פאַרניכטונג פון די אַריאַנער אין 586 האָט זיך אָנגעהויבען פאַר די אידען אַ פּעריאָד פון אונטערדריקונג און פאַרפאָלגונגען. לויט די וועסט־גאָטישע געזעצען, האָט מען די אידען געצוואונגען צו פאַרלאָזען זייער אמונה און איבערגיין צום קריסטענ־טום, אונטער עקעלהאַפטע שבועות און קללות. אויב ניט — האָט מען זיי פאַרברענט אָדער פאַרשטיינערט. מיט יעדען נייעם קייסער זיינען די פאַרפאָלגונגען שווערער געוואָרען, ווייל יעדער נייער קייסער האָט זיך באַמיהט צו זיין פרימער, ווי זיין פאָרגענגער. די אנוסים האָט מען געצוואונגען צו שווערען פייערליך, אַז זיי האָבען איבערגעריסען מיט זייער אמונה און זיינען אַריבערגעגאַנגען צום קריסטענטום; אַז זיי האָבען אויפגעהערט צו פּראַקטיצירען זייערע ריטוא־לען, מנהגים און לעבענס־שטייגער פון אידען, ווי שבת, מילה וכדומה, און אַז זיי וועלען זיך מעהר ניט באַ־גענענען מיט זייערע פריהערדיגע גלויבענס־גענאָסען. נאָך־מעהר, זיי האָבען געדאַרפט איבערגעבען דעם ראַט אַלע אידישע ביכער, וואָס זיי האָבען פאַרמאָגט

און מסר'ן יעדען אנוס, וועלכער האָט ניט אויסגע־פיהרט אָט־די כללים.

די 28 אידען־געזעצען פון ערוויג (680-687) זיינען געווען דורכגעדרונגען מיט אַזויפיל שנאה און נקמה־געפיהלען, אַז זיי האָבען געבראַכט צו אָהן־אַ־שיעור רדיפות, סיי פיזישע און סיי גייסטיגע. ערוויג שטעלט אַוועק די אידען אונטער אַ גייסטליכער פּאַספּאָרט־סיסטעם. וואָס די אידען הויבען ניט אָן צו טהאָן, מו־זען זיי אָפּגעבען דין־וחשבון דער אָרטיגער גייסטליכער מאַכט, וועלכע דאַרף זיי אַרויסגעבען די געהעריגע צייגענישען וועגען דעם, וויפיעל צייט זיי האָבען פאַר־בראַכט אין קלויסטער און צי זיי האָבען שטרענג אָפּ־געהיט אַלע קלויסטער־רעגולאַציעס.

היות ווי שבועות, וואָס מען האָט אַרויסגעריסען מיט אַזעלכע מיטלען און ביי אַזעלכע אומשטענדען, האָבען גאָר־שווערליך געקענט עמיצען צו עפּעס מחייב זיין, האָט דער קלויסטער גענומען באַנוצען קללות אויף צו פאַרשטאַרקען די אָפּגעגעבענע שבועות. דער קלויסטער האָט זיך גערעכענט מיט דער פאָלקס־מורא פאַר קללות און האָט געשאָטען אויף די קעפּ פון די אנוסים קללות און חרמות אָהן אַ שיעור. גאַנצע קהלות זיינען אַזוי מיט געוואַלד אויסגע'שמד'ט געוואָרען. אין געהיים, זיינען אָבער די אידען טריי געבליבען דער אמונת־אבות. אַז יום־כפור איז געקומען, האָבען זיי זיך באַמיהט דעם פאָרכטיגען טאָג צו פייערען, ווי אין אַמאָליגע יאָהרען און ווי עס טהוען זייערע ברידער. נאַטירליך, האָבען זיי די יום־כפור־תפילות אָפּגעריכט אין געהיים. אָבער זיי האָבען געהאַט אַ שווערען גע־

ווינסען. זיי האָבען געפיהלט, אַז עס איז ניט גלייך צו טהאָן תפילה און אָפּהיטען דעם הייליגען, פאַרכטיגען טאָג מיט אַ ברוך פון אַ שבועה, וואָס הגם מען האָט ביי זיי די שבועה מיט געוואַלד אַרויסגעריסען, האָבען זיי דאָך אַ שבועה געגעבען. דער „ולא תשא את שמי לשוא" איז געלעגען, ווי אַ שווערע מאַסע, אויף זייער געוויסען. זיי האָבען געמוזט פריהער פון אַלץ אָפּריי־ניגען זייער געוויסען. די כל נדרי תפילה ברענגט צום אויסדרוק זייער חרטה פאַר'ן אָפּרייסען זיך פון אידי־שען דת און זייער האַרציג געבעט, אַז גאָט זאָל זיי מוחל זיין און מתיר־נדר־זיין די שבועות און חרמות, וואָס איז ביי זיי מיט געוואַלד אַרויסגעריסען געוואָרען. דער חזן האָט געזונגען. דער עולם האָט האַרצרייסענד געיאָמערט און געקלאָגט: „זאָל עס פאַרגעבען ווערען, זאָל מען אונז מוחל זיין, ווי עס שטייט געשריבען: „ונסלח לכל עדת בני ישראל ולגר הגר בתוכם, כי לכל העם בשגגה" — (און ער וועט פאַרגעבען צו אַלע אי־דען און צו דעם פרעמדען, וואָס וואוינט צווישען זיי, ווייל אומגערען איז די זינד באַגאַנגען געוואָרען)". ערשט נאָך אָט־דעם אַקט, האָבען זיך געקענט אָנהויבען די אייגענטליכע יום־כפור־תפילות.

עס איז באַוואוסט, אַז אַפּילו אייזענמענגער אַליין, דער גרעסטער שונא־ישראל פון זיין צייט, איז געווען געגען אויסנוצען די כל־נדרי־תפילה פאַר אַנטי־אידי־שער אַגיטאַציע („ענטדעקטעס יודענטום", 1711, 2־טער טייל, זייטען 499 און פאָלגט). ניט געקוקט אויף דעם, זיינען געמאַכט געוואָרען פּרובען דורך דער גאַר־לעצטענס ערשינענער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור

איבערצו'חזר'ן די העסליכע באַשולדיגונגען, מאַכענ־דיג דערביי פאַרשיידענערליי פאַלסיפיצירונגען און אויסטראַכטענישען.

**4. די לעגענדע וועגען אידען־ריבית'ניקעס**

די אַנטיסעמיטען זאָגען, אַז דער תלמוד הייסט אי־דען נעמען אַ הויכען פּראָצענט־פוס ביי אַ ניט־אידען, כדי איהם צו רואינירען אַזוי אָרום עקאָנאָמיש. שטריי־כערם „שטירמער" באַגרינדעט אָט־די הנחה מיט פאָל־גענדער כלומר'שטער ציטאַטע: „אַ איד טאָר ניט נעמען קיין ריבית ביי קיין אידען. אָבער עס איז ערלויבט צו נעמען ריבית פון אַ ניט־אידען" (עבודה זרה, דף ע"ז, ע"א). נאָך־מעהר, ער פאַררופט זיך אויף דעם תורה געבאָט: „לנכרי תשיך, ולאחיך לא תשיך" (ביים פרעמדען מעגסטו נעמען פּראָצענט, ביי דיין ברודער טאָרסטו קיין פּראָצענט ניט נעמען — דברים כ"ג, כ"א).

**ענטפער:**

די אַנטיסעמיטען מישען צונויף דעם באַגריף „פרעמדע" מיט'ן באַגריף „ניט־איד" און דעם באַגריף „פּראָצענט" מיט'ן באַגריף „ריבית".

די ציטאַטע פון עבודה־זרה ע"ז, ע"א, איז אַן אויסגעטראַכטע, ווייל די מסכת עבודה זרה האָט בכלל ניט מעהר ווי 76 (ע"ו) דפים. די תורה פאַר־באָט אידען צו נעמען „נשך" (ריבית) איינער פון אַנ־דערען. קיין אַנדער פאָלק האָט ניט קיין פאַרבאָט צו נעמען פּראָצענט. אין שמות כ"ד, ל"ו און דברים כ"ג, כ' ווערט איינגעשטעלט, ווי אַ מאָראַלע נאָרמע, ניט צו לעבען פון פּראָצענט; יעדע טראַנזאַקציע, וואָס איז

פאַרבונדען מיט פראַצענט־נעמען איז פאַרבאָטען. בנוגע אָבער אַ ניט־אידען, וועלכער איז ניט אונטער־געוואָרפען דעם אידישען געזעץ און ער אַליין, אין זיי־נע קאָמערץ־באַציהונגען מיט אַ אידען, נעמט יאָ פראָ־צענט, ממילא, איז אויך ערלויבט ביים איהם פראָצענט צו נעמען. אָבער הויכע פראָצענטער איז קיינמאָל ניט ערלויבט געוואָרען צו נעמען (שולחן ערוך, ח״ב, קנ״ט, ס״ק א׳, פירוש באר־היטב). די פראָצענט־פום, וואָס איז ערלויבט דורך דעם מנהג און רעכט־נאָר־מען ביי אידען אין אַזעלכע אינטערנאַציאָנאַלע האַנ־דעלס־טראַנזאַקציעס, איז די לעגאַלע פראָצענט־פום.

אין שולחן ערוך חלק ב׳, ל״ד, י׳, כ״ט, ווערט גע־זאָגט: „אַ בעל ריבית איז פסול לעדות פאַר בית־דין. אויב אַ ריבית׳ניק וויל ווערען באַגלויבט אַלס עדות, מוז ער אומקערען די גענומענע פראָצענטער צום לוה, און זיך אָפּקערען לחלוטין פון זיין שלעכטען וועג. ער מוז נעמען אויף זיך מעהר ניט צו געבען קיין געלט אויף ריבית, אפילו ניט צו קיין ניט־אידען״.

דער פאַרבאָט פון ריבית ביי אידען איז איבערגע־נומען געוואָרען אין מיטעלאַלטער דורך דער קריסטלי־כער קירכע אין זייערע געגענזייטיגע באַציהונגען.

### 5. די לעגענדע פון אָפּנאַרעריי

די אַנטיסעמיטען דערציילען, אַז אידען מעגען, לויט׳ן תלמוד, אָפּנאַרען אַ ניט־אידען. די הנחה איז באַזירט, זאָגט דער „שטירמער״, אויף דער פאָלגענדער כלומר׳שטער ציטאַטע: „ס׳איז פאַרבאָטען אַ אידען אָפּצונאַרען אַ אידען (ראַסען־חברים), אָבער אַ איד מעג

אָפּנאַרען אַ ניט־אידען (שולחן ערוך *), חושן משפּט רכ״ז, ס״ק א׳)״.

**ענטפער:**

די ציטאַטע פון חושן משפט רכ״ז, א׳, איז גאָר אויף דער וועלט ניטאָ. פאַרקעהרט, דער חושן משפט קכ״ב, ו׳, שרייבט: „ס׳איז פאַרבאָטען אָפּצונאַרען ווען עס איז ביים קויפען, אָדער פאַרקויפען, אפילו גניבת־דעת איז פאַרבאָטען. אויב עס איז פאַראַן אַ חסרון, אָדער אַ פגימה אין דער קוואַליטעט, מוז דער פאַרקויפער וועגען דעם זאָגען דעם קויפער, אומאָפּ־הענגיג צי דער קויפער איז אַ איד, אָדער ניט איד״. אין מסכת חולין דף צ״ד, ע״א ווערט ערקלערט: „עס איז פאַרבאָטען אָפּצונאַרען אַ מענשען, אפילו אַ גע־צענדינער״.

**6. די לעגנדע וועגען ליידיג־גייעריי און פוילקייט**

די אַנטיסעמיטען זאָגען, אַז דער תלמוד שרייבט־פאָר די אידען צו פאַר׳מיאוס׳ן פיזישע אַרבייט. דער „שטירמער״ „באַגרינדעט״ זיין הנחה אויף דער פאָל־גענדער כלומר׳שטער ציטאַטע: „די עמי הארץ זיינען בעשאַפען געוואָרען צו באַדינען די אידען. זיי דאַר־פען אַקערען, זייען, יעטען, שניידען, בינדען, דרעשען און מאָלען. די אידען זיינען בעשאַפען געוואָרען, זיי

---

*) דער מחבר פון שולחן ערוך איז יוסף קאַראָ (1488־1575). דאָס דאָזיגע ווערק איז צום ערשטען מאָל ערשינען אין ווע־נעציע אין יאָהר 1564. ער אַנטהאַלט אַ סיסטעמאַטישע זאַמלונג פון אידישע דינים. פרומע אידען פיהרען זיך אין זייער רעליגיעזען לע־בען לויט׳ן שולחן־ערוך (תפילה, יום־טוב, אבילות, חתונות אא״וו). פאַר אַלע אַנדערע זאַכען בלייבט די נאָרמע: „דינא דמלכותא דינא״ (די געזעצען פונ׳ם לאַנד — איז דער דין, — בבא קמא קי״ג, ע״א).

זאָלען עס בעקומען אַלץ גרייט" (ברכות דף נ"ח, ע"א).
**ענטפער:**

די ציטאַטע פון ברכות איז אַ גראָבע פאַלסיפיקאַציע. אין דער ווירקליכקייט זאָגט זיך אין מאמר חז"ל:

„בן זומא (איינער פון די גרעסטע פיהרער פון זיין צייט און צופעליג גראַד אַליין אַ האָראָפּאַשניק) זאָגט: „וואָס איך פאַרמאָג, געהערט ניט צו מיר אַליין, דאָס גאַנצע פאָלק אַרבייט דערפאַר". דערמיט מיינט דער תנא צו זאָגען, אַז יעדער מענש דאַרף אַרבייטען פאַר'ן כלל.

להיפוך צו די רייד פון „שטירמער", איז אַרבייט אַ חוב סיי לויט'ן תנ"ך און סיי לויט'ן תלמוד. אין אבות דר' נתן פרק י"א, א', ווערט אַרבייט באַטראַכט פאַר אַ חוב און ווערט געשטעלט אויף איין הויך, ווי שבת־רוה. עס איז באַגרינדעט אויף דעם, וואָס אין פסוק שטייט: „ששת ימים תעבוד ועשית כל מלאכתך ויום השביעי שבת לה' אלהיך, לא תעשה כל מלאכה" (שמות כ', ט' — י'). דאָס מיינט, זעקס טעג וועסטו אַרבייטען און אויספאַרטיגען דיין מלאכה, דער זיבעטער טאָג זאָל זיין אַ רוה־טאָג פאַר גאָט, דיין גאָט, זאָלסט אין איהם ניט טהאָן קיין שום אַרבייט.

ס'איז כדאי צו באַמערקען אַ כאַראַקטעריסטישע מיינונג אין תלמוד (נדרים ל"ג, ע"א), אַז דאָס אויספיהרען אַ גייסטיגע אַרבייט, ווי, למשל, לערנען עמיצען, איז ניט קיין גענוגענדיגער מאָטיוו פאַר פאָדערען געצאָהלט, אַ לעהרער קען נאָר פאָדערען געצאָהלט פאַר דער פאַרלוירענער צייט (בטול־זמן), וואָס ער האָט פאַרבראַכט ביים אונטעררי כט, פון דעם איז קלאָר, אַז

די פליכט פון אַרבייט האָט אַ שייכות בלויז צו פיזי־שער אַרבייט, וואָס איז געריכטעט באַוואוסטזיניג צו אַ באַשטימטען ציל. באַלד ווי דער מענש איז בעשאַפען געוואָרען, איז פיזישע אַרבייט אַרויפגעלייגט געוואָרען אויף איהם ווי אַ פליכט (בראשית ב׳, ט״ו).

לסוף דאַרפען דערמאָנט ווערען עטליכע אויסצוגען פון פרקי־אבות (א׳, י׳ און ב׳, ב׳):

„האָב ליב אַרבייט און האָב פיינט רבנות" (הער־שאַפט).

„שטודיום אָהן אַרבייט, איז גאָרניט ווערט".

„דער פאָטער איז מחויב צו לערנען זיין זון תורה און געבען איהם אַ פאַך אין האַנט. רבי יהודה זאָגט: דער, וואָס לערענט ניט זיין זון קיין פאַך, לע־רענט אים גזילה און רויב. פרעגט דאָרט די גמרא: וואָס הייסט, ער לערנעט איהם גזילה און רויב? און די גמרא ענטפערט: עס איז געגליכען, ווי ער זאָל איהם לערנען גזילה און רויב" (קידושין, דף כ״ז, ע״ב).

פון דער גמרא איז צו זעהן, אַז אונזערע חכמים האָבען אַוועקגעשטעלט די פראַגע פון לערנען אַ פאַך דעם קינד, כמעט אויף איין הויך, ווי לערנען איהם תורה. רבי יהודה גייט נאָך ווייטער. ער באַטראַכט עס אַפילו פאַר אַ פאַרברעכען, אויב דער פאָטער לע־רענט ניט זיין קינד קיין פאַך. ווי ווייט דאָס איז פון דער כלומר'שטער אידישער פוילקייט און פאַר'מיאוסנג פון מלאכה, וואָס די אַנטיסעמיטען שרייבען אונז צו...

די תלמוד'ישע איינשטעלונג, אַז פאַר אונטער־ריכט טאָר מען קיין געלט ניט נעמען איז באַזירט אויפ'ן מאמר אין פרקי אבות (ד׳ ז׳): „מאַך ניט פון דער

תורה קיין קרוין צו פוצען זיך אין איהר, און אויך ניט קיין האַק אויף גראָבען מיט איהר, נאָר לעהרען תורה לשמה".

דער באַריהמטער היסטאָריקער פון פּאָליטישער עקאָנאָמיע פּראָפ. לויאָ ברענטאַנאָ, וועלכער האָט געווידמעט אין זיין „עקאָנאָמיש לעבען אין דער וועלט פון אַלטערטום" אַ היפּש ביסעל פּלאַץ די אידישע עקאָנאָמישע באַדינגונגען, קומט צום שלום, אַז אידען זיינען פון לכתחילה ניט געווען קיין האַנדעלס־פּאָלק. אין כנען, אין יהודה און אַנדערע טיילען פון ארץ־ישראל האָבען די אידען זיך פאַרנומען מיט פיה־צוכט און ערד־אַרבייט, אָפּהענגיג פון די אָרטיגע באַדינגונגען. דער שבט יששכר איז געווען אַ פּאַסטוכער־שבט, די בני־זבולון זיינען געווען ים־רייזענדע. די באַדייטונג פון די בני־ישראל פאַר דער עקאָנאָמישער געשיכטע הויבט זיך ערשט אָן מיט דער געצוואונגענער דעפּאָרטאַציע פון אידען קיין בבל. אַז אַרבייט איז געווען זעהר הויך געשעצט צווישען אידען אין דער נאָך - תנ"ך תקופה, דערווייזט דער פאַקט, וואָס אַ סך תלמידי־חכמים פון דער תלמוד'ישער עפּאָכע זיינען געווען אַר־בייטער, וואָס האָבען פאַרדינט חיונה דורך דער אַרבייט פון זייערע הענט און שוויים פון זייער פנים.

**7. די פּראָטאָקאָלען פון די זקני־ציון**

„די פּראָטאָקאָלען פון די זקני ציון" זיינען אַ רייה „ליטעראַרישע" בבא־מעשות, וואָס פאַרשפּרייטען אַ וויסטע אויסטראַכטעניש וועגען אידען. די אַנטיסעמי־טען זאָגען, אַז די פיהרער פון אידישע געהיימע געזעל־שאַפטען, וואָס האָבען זיך אַליין אַ נאָמען געגעבען די

זקני ציון האָבען זיך אין יאָהר 1897 פאַרזאַמעלט אויף אַ ציוניסטישען קאָנגרעס אין באַזעל (שווייצאַריע), און האָבען אָפּגעהאַלטען פיר און צוואַנציג זיצונגען. אויף די זיצונגען האָבען זיי כלומר'שט אויסגעאַרבייט אַ פּראָגראַם פון אידישער וועלט־באַהערשונג, אונטער אַ קייסער פון „ציון'ס אָפּשטאַם". זיי האָבען אויסגעאַרבייט אין אַלע פּרטים אַ פּלאַן, ווי אַזוי סיסטעמאַטיש צו קאָרומפּירען אַלע פעלקער, זייערע רעגירונגען, פּאַרלאַמענטען, די פּרעסע, דאָס בילדונגס־וועזען, וויסענשאַפט און עקאָנאָמישען לעבען, און טהאָן דאָס מיט אַלע אופנים פון געוואַלד און כיטראַסט. „עס איז אומבאַדינגט נויטיג צו אונטערגראָבען אין אַלע לענדער די באַציהונגען צווישען דער באַפעלקערונג און די רעגירונגען, און אַזוי אַרום אויסוואַרצלען די מענשליכקייט דורך קריגערייען, האַס, קאַמפען, קנאה און אפילו דורך פּייניגונגען, הונגער, פאַרשפּרייטען מגפות, אַזוי אַז די „גוים" זאָלען קיין ברירה ניט האָבען און זיך אָפּטראָגען פון די ערטער, וואָס די אידען באַהערשען אין פינאַנס און אין אַלע אַנדערע זאַכען" (סוף פון פּראָטאָקאָל ניין).

דאָס דאָזיגע ווערק איז צום ערשטען מאָל אַרויסגעגעבען געוואָרען דורך גאָטפריד צור בעק, לודענדאָרף'ס אַ פריינד און דער אַרויסגעבער פון דער צייטשריפט „אויף'ן פּאָרפּאָסטען". אין דער אויסגאַבע געפינען זיך סקיצען, וואָס גיבען איבער וועגען געשעהענישען ביי אידען פון דער צייט פאַר די פּראָטאָקאָלען. אין די סקיצען געפינען זיך פאַרשידענע אַוואַנטורים־טישע געשיכטעס: זכרונות וועגען די עשרת השבטים,

אידישקייט און פרייע מאַסאָנען; די אידען און די יע־זואיטען, אידישע קריגסלייט, געשעהענישען ביי אידען ביז'ן וועלט־קריעג, די לייזונג פון דער אידישער פראַ־גען און לסוף, אַ דייטשער געזעץ פראָיעקט וועגען איד־ען. איינינגע פונקטען פון דעם געזעץ פראָיעקט זיינען אַזעלכע: בירגער אידען, פאַלען אונטער דעם געזעץ פאַר אויסלענדער. אויסלענדישע אידען טאָרען ניט אריינ־שטעלען קיין פוס אין דייטשלאַנד. עפענטליכע פאָסטע־נס זיינען פאַר אידען געשלאָסען. אידישע דאָקטוירים מעגען היילען בלויז אידישע פאַציענטען. זיי מוזען מאַ־כען א מגן־דוד אויף די שילדען פון זייערע געשעפטען און אויף די רעצעפטען. אידען האָבען שטים־רעכט בלויז אין זייער רעליגיעזער קהלה. אידען טאָרען ניט גענומען ווערען אין דער אַרמיי, אַנשטאָט דעם דאַרפען זיי צאָלען מיליטערישע אָפּצאָלונגען. אידען טאָרען ניט באַזוכען קיין העכערע דייטשע שוהלען. די אידישע רע־ליגיעזע ספרים דאַרפען זיין געשריבען אין דער דייט־שער שפּראַך. עס זיינען פאַרבאָטען צו נוצען די אי־דישע און העברעאישע שפּראַכען. פאַר איבערגייין דעם פאַרבאָט קומט גירוש. אידען מענער און פרויען, וואָס זיינען איינמאָל ארויסגעטריבען געוואָרען פון לאַנד און וועלען דערנאָך אומלעגאַל איבערגיין די גרעניץ פון דייטשלאַנד, קומט זיי הייגנען. נאָך דער אויסגאַבע פון גאָטפריד צור בעק איז געקומען אַן ענליכע אויס־גאַבע פון טהעאָדאָר פריטש. דער „שטירמער" ברייננגט אויך די אַזוי גערופענע „פראָטאָקאָלען" מיט אַ סך רע־קאָמענדאַציעס צו זיינע לייענער.

**ענטפער**

די אַזוי גערופענע „פּראָטאָקאָלען פון די זקני־ציון" זיינען איינע פון די סאַמע נאַרישסטע פעלשונגען וואָס זיינען ווען עס איז געווען (ווי עס האָט זיי אָנגע־רופען דער ווערדיקט (פּסק־דין) פון דייטשען רייכס־געריכט). זיי זיינען אָבער אין אַ גרויסער מאָס שול־דיג אין דעם אידען־האַס, וואָס איז פאַרשפּרייט אין דייטשלאַנד. זיי זיינען אויף איבערזעצונגען אָפּגעפרישט געוואָרען אין רוסלאַנד אין 1905, אויפ'ן באַפעהל פון דער דעספּאָטישער צאַרישער מאַכט, כדי אָפּצוציהען די אויפמערקזאַמקייט פון דעם רוסישען פאָלק פון די כאַבאַר־מעטאָדען און צופוילטקייט פון דער רוסישער רעגירונג און אויסצונוצען דעם פאָלקס־צאָרען געגען זיינע הערשער אויף צובלאָזען אידען־האַס.

די רוסישע ווערסיע פון די שווינדלערישע פּראָ־טאָקאָלען איז, אַז אידען האָבען אָפּגעהאַלטען זיצונ־גען אין פראַנקרייך. די צווייטע רוסישע אויפלאַגע ווידער, וואָס איז ערשינען אין 1917, שילדערט דעם „פּראָטאָקאָלען"־שווינדעל אויף אַן אנדער אופן, כלומר'שט אַז 24 זיצונגען זיינען פאָרגעקומען אין באַ־זעל אין 1897, און צונויפגערופען זיינען די זיצונגען גע־ווען פון די ציוניסטען און די פריי־מאַסאָנען (!). צוגע־דריקט צו דער וואַנט, האָבען אין דייטשלאַנד די פּראָ־פּאַגאַנדיסטען פון דעם געמיינעם ליגען דערקלערט, אַז די פּראָטאָקאָלען האָט צוזאַמענגעשטעלט דער העב־רעאישער שרייבער אשר גינצבורג (אחד העם) אַלס הויפּט־הנחות פאַר דער ציוניסטישער אָרגאַניזאַציע. אחד־העם האָט אָנגעקלאָגט איינעם פון די פּראָפּאַגאַנ־

דיסטען גראַף רעוועגטלאו צום געריכט. דער גראַף האָט דערקלעהרט, אַז היות ער קען ניט דערווייזען זיין באַהויפּטונג, דריקט ער אוים חרטה אויף זיין אוים־גאַבע, און ער האָט געדעקט אַלע געריכטס־קאָסטען (דאָס געריכט פון אָרטיגען טריבונאַל פון מיטעל־בערלין, פון 19טען אַפּריל 1923). עס זיינען געווען נאָך געריכטליכע אָנקלאַגעס געגען די „פּראָטאָקאָלען"־שווינדלער, און זיי זיינען יעדעס מאָל געשטעמפּעלט געוואָרען אַלס פעלשער און שווינדלער פון ערגסטען מין.

עס וועט גענוג זיין איין ביישפּיל כדי צו באַווייזען דעם הונדערט־פּראָצענטיגען שווינדעל פון די דאָזיגע „פּראָטאָקאָלען". ווערט דאָרטען דערציילט אַז „מיט דער הילף פון אונטערערדישע קאָרידאָרען און טונעלען, וואָס וועלען געמאַכט ווערען אונטער אַלע הויפּט־שטעט פון אַלע לענדער, וועלען די שטעט אויפגעריסען ווערען מיט אַלע זייערע אָרגאַניזאַציעס און אַרכיוועןʺ. פרעגט זיך, וואָס פאַרא פאַרזיכט־מיטלען וועלען קענען די אידען אַננעמען, כדי אַליין אויך נישט אויפגעריסען ווערען צוזאַמען מיט די שטעט? אויף דעם איז דאָ איין ענטפער: די פּראָטאָקאָלען זיינען פאַרשפּרייט געוואָרען אין אַ ריזיגער צאָהל. עס זיינען געמאַכט געוואָרען איבערזעצונגען אין אַלע אייראָפּעאישע שפּראַכען, אויך אין אַראַביש און כינעזיש. גאַנצע וואַגאָנעס מיט דער דאָזיגער „ליטעראַטור" זיינען געשיקט געוואָרען קיין דרום־מזרח פון אייראָפּע. און דאָס איז געווען אַ גוטער געשעפט!

### 8. אידען זיינען ניט טאָלעראַנט צו ניט־אידען

דורך פאַלסיפיצירטע אויסצוגען פון תנ"ך און תלמוד, אָדער דורך פאַרדרייטע אויסצוגען, האַלטען די אידען־פרעסער אונטער די ווערסיע, אַז די אידען זיינען ניט טאָלעראַנט צו די ניט־אידען. אין דעם וואָרט „גויים" טייטשען אַריין די אידען־פרעסער אַן אַנדער באַדייט, ווי דאָס וואָרט האָט אין דער אמת'ן. דער „שטירמער" באַגרינדעט זיין אַריינטייטשונג מיט פאָלגענדער ציטאַטע: „אידען ווערען אָנגערופען מענשען, און ניט־אידען ווערען אָנגערופען ניט מענשען, נאָר בהמות" (בבא מציעא קי"ד, ע"ב).

**ענטפער:**

די ציטאַטע פון בבא מציעא קי"ד, ע"ב, איז פאַלש איבערגעגעבען געוואָרען. ערשטנס, זיינען די ווערטער „נאָר ווערען אָנגערופען בהמות" אינגאַנצען ניטאָ אין אָריגינאַל. דער אויסצוג פון דער גמרא רעדט אָרום די פראַגע צי דער פסוק אין במדבר י"ט, י"ד, וואו עס ווערט באַהאַנדעלט דער געזעץ, אַז אַ מענש ווערט טמא, ווען ער גייט אַריין אין אַ געצעלט, וואו עס ליגט אַ מת (אדם כי ימות באהל וכו') — פרעגט זיך, צי ווערט מען טמא אויך, ווען דער מת איז אַ געצענדינער. רבי שמעון בן יוחאי ענטפערט אויף דער פראַגע נעגאַטיוו, דערפאַר, זאָגט ער, ווייל דאָס וואָרט אדם, — איינער פון די ווערטער, וואָס באַדייט אין דער תנ"ך־שפּראַך מענש — מיינט אַ מענש אַ איד. אַלס באַווייז ברייגנט ר' שמעון בן יוחאי אַ נבואה פון יחזקאל ל"ד, ל"א: „און איהר די שאָף, די שאָף פון מיין פאַשע, איהר זיינט מענשען — אדם". עס איז פון דאַנען בשום אופן נישט מעגליך אַרויסצודרינגען אַז „די ניט־

אידען ווערען ניט אַנגערופען „מענשען" נאָר „בהמות".

די אַנטיסעמיטען האָבען שלעכט אויסגעטייטשט דאָס וואָרט „גויים". בוכשטעבליך הייסט דאָס העברעאישע וואָרט גויים — —פעלקער. אַזוי האָט מען גערופען די פעלקער, וואָס האָבען געלעבט אין די לענדער בשכנות מיט ארץ־ישראל. „גויים" — מיינט ניט־אידען, און האָט ניט קיין אַנדערע באַדייטונג. די אידען האָבען אַזוי גערופען אַלע שבטים, וואָס האָבען ניט אָנגענומען די אידישע אמונה, אָט אַזוי ווי ביי די קריסטען דאָס וואָרט „דזשענטאיל", וואָס הייסט איינער ניט קיין קריסט און ניט קיין איד (זעה וועבסטער — ניו אינטערנייישאָנאל דיקשיאָנערי). דאָס וואָרט „גויים" ענטהאַלט ניט קיין שום באַליידיגונג. דער זעלבער אויסדריק ווערט אַמאָל אין תנ"ך באַנוצט אויך אין באַצוג צו אידען (זעה בראשית י"א, ל"ה: "און גאָט האָט געזאָגט צו יעקב'ן: איך בין דער אַלמעכטיגער גאָט, דו זאָלסט זיך פרוכפּערען און מעהרען און פון דיר זאָל אַרויסקומען אַ פאָלק (גוי) און אַ סך פעלקער (קהל גויים)". אין שמות י"ט, ו' ווערט געזאָגט: „און איהר זאָלט זיין צו מיר אַ מלוכה פון כהנים און אַ הייליג פאָלק (גוי קדוש)". אָדער, אין דברים ד' ל"ד: „האָט געפּרובט גאָט אַרויסצונעמען אַ פאָלק (גוי) פון אַן אַנדער פאָלק (מקֶרב גוי) דורך משפּטים, נסים ונפלאות?" אין ישעיה כ"ו, ב': „עפען די טויערען, אז אַ גערעכט פאָלק (גוי צדיק), וואָס איז גלויביג, זאָל אַריינקומען".

די אידישע לעהרע שיידט פונאַנדער דריי סאָרטען מענשען, פון ניט־אידישען אָפּשטאַם:

א) „עובדי עבודה זרה" — די וואָס גלויבען אין אַ

פרעמדען קולט. מיט דעם מיינט מען די ניט־אידען, וועלכע היטען ניט אָפּ די שבע מצוות בני נח. אָט־די זיבען מצוות זיינען: 1) ניט דינען קיין אָפּגעטער; 2) ניט לעסטערען גאָטס נאָמען; 3) לא תרצח (ניט מאָרדען); 4) לא תנאף (ניט טרייבען קיין זנות); 5) לא תגנב (ניט גנב'ענען און ניט רויבען); 6) ניט עסען קיין אבר מן החי (ניט עסען קיין פלייש, אָפּגעשניטען פון אַ לעבעדיגער בהמה, חיה אָדער עוף); 7) איינשטעלען געריכטס־טריבונאַלען (זעה ג. פ. מור. „יודאאיזם אין די ערשטע יאָהרהונדערטען פון דער קריסטליכער ערע, 1־טער באַנד, 274־275).

אָט־די גרופּע געצענדינער איז ניט טאָלערירט געוואָרען אין דער אידישער מלוכה. ווער עס שאַנעוועט ניט יענעמ'ס לעבען; ווער עס דינט צו אָפּגעטער, ווער עס באַהאַנדעלט גרויזאַם חיות און אַנערקענט ניט דעם אויטאָריטעט פון אַ גערעכטער סאָציאַלער איינאָרדנונג, האָט ניט קיין רעכט צו וואוינען אין הייליגען לאַנד. און טאַקע אומעטום, וואו דער תלמוד דערמאָנט מיט פאַראַכטונג אַ ניט־אידען טייטשט ער עס מפורש אויס, אַז ער מיינט דערביי עובדי עבודה זרה.

ב) גר־תושב (אַ פרעמדער איינוואוינער). דאָס איז אַ ניט־איד, וואָס היט אָפּ די שבע מצוות בני נח. דער גר תושב האָט דאָס רעכט צו וואוינען אין דער אידישער מלוכה און באַקומט אַלע רעכט און פריוויליגיעס פון בירגערשאַפט.

ג) גר־צדק (דער וואָס איז איבערגעגאַנגען צום אידישען גלויבען). דאָס איז אַ ניט־איד, וואָס האָט זיך

באַהאַפּטען צום אידישען פאָלק און צו זיין אמונה. ער באַזיצט אַלע רעכט און פליכטען פון אַ אידען.

דער שווינדעל פון דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור באַשטייט אין דעם, וואָס זיי מאַכען ניט קיין אונטערשייד צווישען דעם באַגריף געצענדינער און דעם באַגריף ניט־איד. דערמיט אַליין שאַפען זיי אַן איינדרוק, אַז אידען זיינען בכלל ניט טאָלעראַנט צו אַ ניט־אידען. די אידישע רעליגיע איז אין דער ווירקליכקייט די איינציגע רעליגיע פון אַלטערטום, וואָס האָט אויסגעברייטערט דעם באַגריף פון מענשען־ליבע אויך אויף פרעמדע. דער דאָזיגער געדאַנק ווערט איבערגע׳חזר׳ט אין דער אַלטער אידישער ליטעראַטור: „איין תורה און איין געזעץ זאָל זיין פאַר אייך און פאַר׳ן גר, וואָס וואוינט צווישען אייך" (במדבר, ט"ו, ט"ז).

צוזאַמען מיט די עניי ישראל (אידישע אָרימע לייט), דאַרף מען העלפען די ניט־אידישע אָרימע לייט. צוזאַמען מיט די חולאים פון אידען, דאַרף מען מבקר חולה זיין אויך די ניט־אידען. מען דאַרף שטיצען די ניט אידישע אָרימע לייט אין די אינטערעסען פון פרידליכען צוזאַמענלעבען (גיטין דף ס"ו, ע"א).

דער עיקר העיקרים פון דער אידישער אמונה איז דער געבאָט אין שמות י"ט, י"ח:

**„ואהבת לרעך כמוך"** (זאָלסט ליב האָבען דיין נאָהענטען, ווי זיך אַליין).

**9. די לעגענדע פון געהיימע אידישע געבאָטען**

די אַנטיסעמיטען טענה׳ן, אַז אין תלמוד געפינען זיך געהיימע געבאָטען, וועלכע זאָלען כלומרשט פריידיגען שנאה צו קריסטען און קריסטענטום. די אויבען

געבראַכטע כלומר'שטע ציטאַטען, וועלכע שרייבען־צו די אידען אַ נידעריגע מאָראַליטעט, ווערען געבראַכט אַלס אַ בעוויז, אַז די אידישע מאָראַל, געבויט אויפ'ן תלמוד, האָט פאַראורזאַכט אַלע אומגליקען צו די פעל־קער פון גאָר דער וועלט.

**ענטפער:**

עס זיינען ניטאָ קיין געהיימע געזעצען אָדער דאָק־טרינעס (לעהרעס) ביי אידען. דער דערמאָהנטער פּראָ־טעסטאַנטישער טעאָלאָג און אָריענטאַליסט אין בער־לין, פּראָפעסאָר הערמאַן ל. שטראַק, דער גרעסטער קריסטליכער אויטאָריטעט אין דייטשלאַנד פון תלמוד און רבני'שער ליטעראַטור זאָגט אין זיין „אַריינפיהר צום תלמוד און מדרש" (ענגלישע איבערזעצונג, אידי־שע פאַרלאַג־געזעלשאַפט, פילאַדעלפיע 1931):

„אין גאַנצען תלמוד איז ניטאָ קיין סימן פון אַ גע־שריבענער, אָדער מונדליכער טראַדיציע, וואָס זאָל ניט זיין צוגענגליך פאַר געלערענטע קריסטען. די אידען מאַכען ניט קיין שום באַמיהונג, כדי צו פאַרבאַ־האַלטען וואָס־עס־איז פון די קריסטען, און זיי וואָלטען, אגב, דאָס ניט געקענט טהאָן, ווען זיי זאָלען וועלען. פאַר דער ריכטיקייט פון דער דאָזיגער ערקלעהרונג, גאַראַנטיר איך פייערליך מיט'ן כבוד פון מיין פּערזאָן און געלעהרענטען". וועגען דער דאָזיגער ערקלעהרונג באַמערקט דער קאָנסערוואַטיווער פּראָפעסאָר אוליך קאַשטעט פאָלגענדעס: „עס איז דעריבער זעהר גוט צו האָבען דאָ אַן אויטענטישען באַוויז פון אַן עקס־פּערט, אַז עס איז ניטאָ קיין אידישע שריפט, וואָס מען זאָל נישט קענען באַקומען אויפ'ן ביכער־מאַרק . . .

שטראַקס קליין ביכעל וועט ניט דערצערענען קיין שום אויפריכטיגען נאַציאָנאַליסט, דאָס הייסט אַזאַ איינעם, וואָס האָט ליב זיין דייטשען אָפשטאַם, ווייל די עלע־מענטען, וואָס ווילען די פּאַטריאָטישע כוואַליעס קע־רעווען אין דער ריכטונג פון זייערע פּערזענליכע נוצען, האָבען באַקומען דעם אמת׳ן פּאַטש אין פּנים״.

די העברעאישע, אָדער אַראַמישע דאָקומענטען ווייזען אוים פּאַר די אַנטיסעמיטישע „שרייבער״ צו זיין „געהיימע דאָקומענטען״ בלויז דערפאַר, ווייל זיי קע־נען ניט לייענען ניט קיין העברעאיש און ניט קיין אַראַמיש — און, ממילא, קאָנען זיי ניט פאַרשטיין, וואָס אין תלמוד שטייט געשריבען. אַזעלכע זיינען, צום ביישפּיל, טהעאָדאָר פריטש, יוליוס שטרייכער און זייער גלייכען. און פונדעסטוועגען גיבען זיי אַרויס בי־כער און צייטשריפטען וועגען תלמוד׳ישע ענינים. זיי באַנוצען זיך מיט איבערזעצונגען, וואָס זיינען האַמעט־נע פאַלסיפיקאַציעס. פּראָפעסאָר טהעדאָר נאָלדעקע רופט אָן ראָלינג׳ס איבערזעצונג אַ געמיינע פעלשונג. פּראָפעסאָר ה. ל. שטראַק רופט אָן די איבערזעצונג „אַ זעלטענע קאָמבינאַציע פון טיפער עם הארצות, בלינדער שנאה און ביי־זוויליקייט״. פּראָפעסאָר פראַנץ דעליטש האָט אַרויסגעזאָגט די פאָלגנדע צאָרענדיגע ווערטער געגען די פעלשער פון תלמוד׳ישע ציטאַטען: „פונ־דעסטוועגען לעבט נאָך דער גאָט פון אמת, ער וועט וויסען ווי נקמה צו נעמען פון די, וואָס באַשמוצען זיין נאָמען, די ראָלינג׳ס און די יוסטוס׳עס, וועלכע ווילען איהם דינען דורך זייערע ליגענס, וועלען אומקומען אין זייערע אייגענע פאַלשקייטען!״

# הוספה

שלמה גליקסמאַן,
דאַנציג, יאַנואַר 23, 1935,
הירשגאַסע 9.

צום שעף פון דער פּאָליציי אין דאַנציג.

איך נעם זיך די פרייהייט בייצולייגען אַ קאָפּיע פון דער אָנקלאַגע, וואָס איך האָב דערלאַנגט צו דעם הויפּט-פּראָקוראָר געגען דעם הויפּט-רעדאַקטאָר, דעם רעדאַקטאָר און געהילף-רעדאַקטאָר פון׳ם וואָכענבלאַט „דער שטירמער״, וואָס דערשיינט אין נירעמבערג. איך בעט, אַז איהר זאָלט געפעליגסט באַקאַנען זיך מיט מיין אָנקלאַגע.

צוליב דעם אינהאַלט פון דער אָנקלאַגע און צוליב דער געזעלשאַפטליך-געפעהרליכער טענדענץ פון׳ם „שטירמער״, נעם איך זיך די פרייהייט צו בעטען גע־פעליגסט, אַז איהר זאָלט פאַרבאָטען דעם פאַרקויף פון דעם אויבענדערמאָהנטען אידען-פרעסערישען זשור־נאַל אין דער פריי-שטאָדט דאַנציג, אין הסכם מיט׳ן פּאַראַגראַף 5, נומערען 2 און 5, פון׳ם אַרטיקעל פון סענאַט-אָרדינאַנס, פון 30-טען יוני, 1935 (נומער 36 פון דער געזעצען-צייטונג פון דער גריישטאָט דאַנציג פון יאָהר 1933).

ווי אַ איד, גלויב איך, האָב איך דאָס רעכט אויף דער דאָזיגער ביטע, סיי מאָראַליש און סיי יורידיש.

מיט אַכטונג,

שלמה גליקסמאַן.

שלמה גליקסמאַן,
דאַנציג, 23־טען יאַנואַר, 1935,
הירשגאַסע 19.

# אַנקלאַגע

דורכ'ן מחבר שלמה גליקסמאַן,
דאַנציג הירשגאַסע 19.

## ק ע ג ע ן

1. יוליוס שטרייכער, הויפּט־רעדאַקטאָר פון דעם וואָכענבלאַט „דער שטירמער”, דערשיינט אין נירענבערג.
2. געאָרג פּעסלער, פאַראַנטוואָרטליכער רעדאַק־דאַקטאָר פונ'ם אויבענדערמאַנטען זשורנאַל.
3. קאַרל האָלץ, מיטרעדאַקטאָר, און
4. האַנס קעניג, אַרויסגעבער פונ'ם זשורנאַל.

אַלע פון נירענבערג־א., פּפאַנענשמידערגאַס 19.

פּראָקוראָר־אַמט
דאַנציג
אַנגעק. 24 יאַנ. 1935

איך לייג דאָ ביי אַן אָנקלאַגע געגען די 4 אויבענ־דערמאָהנטע פּערזאָנען פאַר פאַרברעכענס, וואָס זיי זיינען באַגאַנגען, אין הסכם מיט׳ן פּאַראַגראַף 166 און 263 פון שטראָף־קאָדעקס. איך פאַררוף זיך אויף פאָל־גענדע טהאַטזאַכען:

אונטער׳ן קעפּעל: „דאָס אויסדערוויילטע פאָלק פון פאַרברעכער״ באַהאַנדעלט דער „שטירמער״ דעם שם־הויה, זיינע געבאָטען און די תורה. דער „שטיר־מער״ איז אין דער מיינונג, אַז וואָס די אַריער טראָגען אין זייער בלוט, און ממילא, אין זייער באַוואוסטזיין און פאַרשטאַנד, ווי דעם געבאָט פון ניט־באַגיין קיין מאָרד, ניט גנב׳ענען, אָדער אָפּגעבען כבוד די אייגענע על־טערען, — האָט מען דעם אידישען פאָלק ערשט גע־דאַרפט אויפקלעהרען דורך רעליגיעזע געבאָטען. אינ׳ם זעלביגען אַרטיקעל שטעמפּעלט דעם „שטירמער״ דעם תנ״ך, וועלכען דאָס פאָלק איז געוואוינט צו רופען די הייליגע שריפט, אַלס „אַ שרעקליך־פאַרברעכערישען ראָמאַן, פול מיט מאָרד, זנות, פעלשונג און נידערטרעכ־טיקייטען״ — אַזוי זאָגט דער „שטירמער״.

אָט־די ווערטער באַנוצט דער דאָזיגער אָרגאַן, וואָס איז אַליין פול מיט ליגענס, פון וועלכע די האָר שטעלען זיך קאַפּויר, געגען דעם פּרעכטיגען און וואונדערליכען ספר פון דער וועלט; געגען דעם ספר, וואָס ווערט אומעטום, וואו נאָר די מענשליכע מאָראַל האָט דורכ־געדרונגען דאָס לעבען, באַטראַכט אַלס דער ספר־הספרים, פול מיט עטיק און גוטע זיטען.

דער זעלביגער נומער 2 פון דעם אידען־פרעסערי־שען זשורנאַל ברייננט ווייטער, אונטער׳ן קעפּעל:

„דעם טייוועלס פּלאַן", אַ סעריע פון כלומר'שטע ציטאַטען פונ'ם תלמוד, כדי צו אינפאָרמירען זיינע לעזער, און וועלכע זיינען אין דער אמת'ן פעלשונגען פון נידעריגסטען מין. די בראַשור, וואָס איך האָב אַרויסגעגעבען אין דאַנציג, מיט'ן נאָמען „די פעלשונגען פון דער אַנטי־סעמיטישער ליטעראַטור", דעמאַסקירט אויך די ליגענס, וואָס ווערען פאַבריצירט דורכ'ן „שטירמער" אין נומער 2, פון יאָהר 1935. איך לייג דאָ צו אַ קאָפּיע פון דעם דאָזיגען נומער 2 פון „שטירמער", ווי אויך אַ קאָפּיע פון מיין בראַשור.

איך באַהויפּט, אַז די פאַראינטערעסירטע פּראָפּיטירער פון דער „שטירמער"־אונטערנעהמונג נאַרען באַוואוסטזיניג אָפּ די לעזער פון זייער „ליטעראַרישער" אַפּראָדוקציע. די ריכטיקייט פון מיין באַהויפּטונג דרינגט אַרוים פון פאַקט, וואָס די גרעסטע טייל פון די אַטאַקעס פון דעם „שטירמער" זיינען פאַראורטיילט געוואָרען אַלס ליגענס פון דעם סאַמע געמיינסטען מין דורך אורטיילען פון דייטשע געריכטען.

די אויסגאַבע פון „שטירמער" נומער 2, 1935, פונקט ווי די פריעהרעדיגע אויסגאַבען פון „שטירמער", צירקולירען אין דער פריי־שטאָט דאַנציג. פון 7־טען ביז דעם 15־טען בערך פון דעם לויפענדען מאָנאַט, האָט מען דעם „שטירמער" עפענטליך פאַרגעלייגט צום פאַרקויף אין סאַמע פראָנט פון דער געביידע פון דער הויפּט־פּאָסט אויפ'ן קוילען־מאַרק, אין קאַפע־הייזער און אין פאַרשיידענע אַנדערע פּלעצער, פאַר'ן פּרייז פון בלויז (!) 25 פעניג אַן עקזעמפּלאַר.

באַווייזען: פּאָליציי־אינפאָרמאַציע, און אויב נוי־

טיג, אַנדערע עדות, וועלכע וועלען צוגעשטעלט ווערען.

דער הויפּט־רעדאַקטאָר, די מיטאַרבעטער און די אַרויסגעבער פון׳ם אויבענדערמאַנטען אידען־פרעסע־רישען זשורנאַל זיינען דערמיט באַוויזען געוואָרען, אַז זיי זיינען שולדיג אין ברעכען די פּאַראַגראַפען 166 און 263 פון שטראָף־קאָדעקס.

זיי האָבען עובר געווען אויפ׳ן פּאַראַגראַף 166 פון׳ם שטראָף־קאָדעקס דערמיט, וואָס זיי האָבען פאַר־שפּרייט בערך 300 קאָפּיעס פון „שטירמער" נומער 2, 1935, וועלכער ענטהאַלט לעסטערענדיגע אויסדרוקען געגען גאָט און זיין תורה, אינ׳ם צייט־אָפּשניט צווישען 7־טען ביז׳ן 15־טען יאַנואַר 1935, אין דער פריי־שטאָט דאַנציג. עס איז קיין צווייפעל ניט, אַז די העסליכע מעטאָדען פון „שטירמער" און זיין אופן פון אַטאַקירען דעם שם הויה און די ביבעל, האָט אויך באַליידיגט די קירכע־קרייזען, וואָס עקזיסטירען אין דעם יורידיק־ציע־־געביט פון דער פריישטאָט דאַנציג, ווייל דעם שם הויה איז ניט בלויז דער אידישער גאָט, ווי דער „שטיר־מער" אינפאָרמירט זיינע לעזער, נאָר אויך דער אוני־ווערסאַלער גאָט. ווייל דעם שם הויה איז דער אור־שפּרינגליכער אופן פון אַרויסריידען דעם שם ד׳ צוזאַ־מענגעשטעלט פון די פיר אותיות י׳ ה׳ ו׳ ה׳ און שטעלט מיט זיך פאָר דעם אייביגען הייליגען נאָמען אין דעם העברעאישען טעקסט פון דעם אַלטען טעסטאַמענט, וואָס איז, ווי עס איז גוט־באַוואוסט, דער ווינקעל־שטיין אויך פון׳ם נייעם טעסטאַמענט.

די הנחה, אַז די הייליגע שריפטען זיינען אַ „שרעקליך־פאַרברעכערישער ראָמאַן", דאַרף באַטראַכט

ווערען, ווי אַ העסליכע שימפונג פון דעם אַלטען טעס־טאַמענט, וועלכער איז אין תוך די באַזע פון אַלע עק־זיסטירענדע טעאָלאָגישע, סאָציאַלע און עטישע באַ־גריפען. איך רוף אַרויס אַלס עדות אין שייכות דערמיט די עקספּערטען גראַף אָ'רורקע, דעם דאַנציגער בישאָף, דר. קאַלווייט, דעם געוועזענעם גענעראַל־סופּעראינ־דענט פון דאַציג און דר. גרין, דעם ראַבינער פון דער אידישער קהלה אין דאַנציג.

צווישען אידען רופט אַרויס אַ גרויסע אויפרודערונג און אומצופרידענקייט די אָנפאַלען אויפ'ן תלמוד, וועל־כער שטעלט מיט זיך פאָר אַן אָרגאַנישען טייל פון די אידישע רעליגיעזע שריפטען. אין שייכות מיט דער פראַגע פון דער רעליגיעז־געזעצליכער באַדייטונג פון תלמוד, ווי אויך אין שייכות פון זיין געבורט־געשיכטע און ענטוויקלונג און, לסוף, אין שייכות מיט דער לע־כערליכער הנחה פון „שטירמער", אַז דער תלמוד איז אַ זאַמלונג פון אידישע געהיימע געזעצען, רוף איך אַרויס אַלס עדות דעם עקספּערט אוניווערזיטעט־פּראָ־פעסאָר דר. משה שאָר און דר. מאיר באַלאַבאַן, ביידע פון וואַרשע, און דעם אָפיציעלען ראַבינער פון דער אידישער קהלה אין דאַנציג, דר. גרין. זיי וועלען אייך באַשטעטיגען, אַז די „תלמוד'ישע אויסצוגען", וועלכע ווערען געבראַכט אין „שטירמער", נומער 2, 1935, זיינען טיילוויז אויסגעטראַכט און טיילוויז געפעלשט.

אַ צווייטע באַליידיגונג, אין הסכם מיט'ן פּאַראַג־ראַף 263 פון שטראָף־קאָדעקס, באַשטייט אין דעם, וואָס די אַרויסגעבער און רעדאַקטאָרען דערקלערען — זעה דעם אויבערקעפּעל פונ'ם זשורנאַל — אַז דער „שטיר־

מער" קעמפט פאַר'ן אמת (!), ווען אין דער ווירקליכ־
קייט פאַבריצירט ער בלויז ליגענס און פעלשונגען און
פאַרשפרייט זיי. דער „שטירמער", ווי באַוואוסט,
פיהרט אַן אַנטי־סעמיטישע העצע־קאַמפּאַניע, וועלכע
ער באַגרינדעט און פאַררופט זיך אויפ'ן תלמוד, וואָס
זאָל כלומר'שט ענטהאַלטען „געהיימע געבאָטען". די
אַנטי־אידישע ערקלערונגען פון „שטירמער", ווערען
וואָך־ביי־וואָך פאַרשפרייט צווישען אומוויסענדיגען
המון, זיי ווערען „אונטערשטיצט" פון „באַווייזען",
וואָס זיינען דורכאויס אַ „ליטעראַרישע" געביידע פון
פאַלשקייטען.

די רעדאַקטאָרען, די אַרויסגעבער און די שרייבער
פון „שטירמער", ווייסען, בלי ספק, גאַנץ־גענוי, אַז זיי
פאַרשפרייטען שקרים. זיי טהוען דאָס בלויז אויס גע־
שעפטליכע חשבונות. זיי האַנדלען מיט אַנטי־סעמי־
טישער גייסטיגער סחורה. דאָס זיינען גוטע געשעפ־
טען, והראיה דער „שטירמער", נומער 2, 1935, איז
אַרויסגעגעבען געוואָרען אין 113.800 עקזעמפּליאַרען.

אגב, דער קויפער פון „שטירמער" באַקומט פון
לכתחילה באַוואוסטזיניגע פאַלשע אינפאָרמאַציע,
וואָס ווערען איהם צוגעטראָגען אַלס אמת; ער ווערט
דאָך ממילא אָפּגענאַרט אויפ'ן גאַנצען פּרייז (25 פע־
ניג), ווייל קיין בר־דעת וועט דאָך ניט צאָהלען קיין
פעניג אפילו, ווען ער זאָל וויסען, אַז ער האָט צו טהאָן
מיט אַ אידען־פרעסערישער אויסגאַבע, וואָס איז פול
מיט שקרים און בלבולים.

עס שיינט מיר, אַז אַלס איד, הגם ניט קיין בירגער
פון דאַנציג, נאָר פון פוילען, איז מיין פליכט צו ציהען

די אויפמערקזאַמקייט פון הויפט־פּראָקוראָר אויף די אויבען־באַשריבענע פאַקטען.

אין די אינטערעסען פון עפענטליכער זיכערקייט, בעט איך גנעדיגסט צו מאַכען אַן אויספאָרשונג אַזוי שנעל, ווי מעגליך, און דאַן איבערגעבען עס צו גערייכט־ליכע פערהאַנדלונגען.

מיט אַכטונג,

**שלמה גליקסמאַן.**

ביילעגט:

1. איין עקזעמפּליאַר „שטירמער", נומער 2, 1935.
2. אַ קאָפּיע פון דער בראָשור „פעלשונגען פון דער אַנטיסעמיטישער ליטעראַטור".

פּ. ס. די לאָקאַלע קאָמפּעטענץ פון דעם דאַנציגער געריכט ווערט דערוויזען דערמיט, וואָס דער „שטיר־מער" ווערט פאַרשפּרייט אין דאַנציג. עס איז ניטאָ קיין גרונט חושד צו זיין, אַז די אָנגעקלאָגטע פּערזאָנען וועלען זיך ניט אונטערוואַרפען די אויפפאָדערונגען פון דעם דאַנציגער געריכט.

שלמה גליקסמאַן
דאַנציג, דעם 31 יאַנואַר 1935,
הירשגאַסע 19.

צום הויפט־פּראָקוראָר פון דאַנציג.

צו דער אָנקלאַגע געגען יוליוס שטרייכער און זיין חבריא.

דער צייטונגס־פאַרקויפער אין דער הויפט־פּאָסט־

געביידע, וואָס פאַרקויפט דעם „שטירמער" האָט מיר געזאָגט, אַז הער ברונאָ שנאַרקאָווסקי, וואָס איז אַ פּאָליציי־בעאַמטער, האַלט אַן אַגענטור אויף פאַרשפּרייטען דעם „שטירמער" אין דאַנציג, און ער פאַרקויפט די אויסגאַבע צו די איינצעל־פאַרקויפער אין די קיאָסקען.

שנאַרקאָווסקי איז פאַרבונדען מיט דער פירמע, וואָס פאַרקויפט נאַציאָנאַל־סאָציאַליסטישע אוניפאָרמען, צייכענס א. א. וו. די פירמע געפינט זיך ביז איצט אויף מאַטצקעאושע גאַס נומער 4 און האַלט פאַר אַ פּאַטריאָטישען פליכט צו שטיצען דעם „שטירמער".

איך בעט דריבער, אַז אַן אויספאָרשונג זאָל געמאַכט ווערען אויך וועגען הער שנאַרקאָווסקי'ן פאַר דערמוטיגונג און אונטערשטיצונג פון דעם „שטירמער".

דער געזעצליכער גרונט, אויף וועלכען איך פאַררוף זיך, זיינען די פאָלגענדע באַשלוסען פון דעם רייכס־געריכט:

1) דער אָביעקט, וואָס פאָדערט שוץ איז נישט „גאָט", נאָר די רעליגיעזע געפיהלען פון דעם מענשען, וואָס דאַרפען געשיצט זיין געגען געוואַלד און אַגגרייפערישער פּראָוואָקאַציע (ר. ג. סט. 16 248 *).

2) רכילות טרייבען (באַשמוצונגען געגען די כתבי הקודש דאַרף באַטראַכט ווערען ווי אַ באַליידיגונג געגען דער קירכע (ר. ג. סט. 40, 264 **).

און לסוף פאַררוף איך זיך אַכטונגספול אויף די

---

*) רייכס־געריכט אין לייפּציג, פאַר שטראַף־זאַכען, באַנד 16, זייט 248.

**) רייכס־געריכט אין לייפּציג פאַר שטראַף־זאַכען, באַנד 40, זייט 264.

געזעצליכע גרונטען, וואָס עס ציטירט עבערמאיער פון פאַראַגראַף 166 פון שטראַף־קאָדעקס.

אכטונגספול,

**שלמה גליקסמאַן.**

הויפט־פּראָקוראָר,

דאַנציג, דעם 18־טען אַפּריל, 1935.

4. צע, יאָט, 106, 35.

אין שייכות מיט דער באַשולדיגונג פון 23־טען און 31־טען יאַנואַר 1935, געגען די רעדאַקטאָרען און אַרויסגעבער פון שטירמער.

אַן אויספאָרשונג געגען דעם הויפט־רעדאַקטאָר, געהילף־רעדאַקטאָרען און אַרויסגעבער פון „שטירמער" קען ניט געפיהרט ווערען אין דאַנציג, ווייל די באַשולדיגטע וואוינען אין דייטשלאַנד און זיינען באַשיים־פערליך ניט קיין דאַנציגער בירגער.

וואָס אַנבעלאַנגט דעם אַרבייטער הער שנאַרקאָווסקי, מוז די אַנקלאַגע געגען איהם איבערגעריסען ווערען צוליב זאַכליכע טעמים: דער „שטירמער" איז ניט פאַרבאָטען אין דאַנציג און מען דאַרף אַננעמען, אַז דער באַשולדיגטער האָט אפילו ניט די מינדעסטע פאָרשטעלונג, אַז ער באַגייט ווען עס איז קרימינעלען פאַרברעך, פאַרשפּרייטענדיג די אויסגאַבע.

לסוף, עס איז אומנויטיג צו פיהרען אַ פּראָצעס וועגען קאָנפיסקאַציע לויט'ן פאַראַגראַף 42 פון שטראַף־קאָדעקס, היות ווי די אַנגעקלאָגטע נומערען פון „שטירמער" זיינען שוין מעהר ניטאָ אין פאַרקויף און צוליב די זעלביגע טעמים איז ניט נויטיג אויך צו נעמען

שטעלונג צו דער פראַגע פון דער שטראַפבאַרקייט פון דעם אינהאַלט פון די אויסגאַבען.

די צוגעשיקטע דורך אייך בראָשור ווערט דאָ ביי־געלייגט.

**גראַססמאַן.**

צום מחבר:
שלמה גליקסמאַן
דאַנציג, הירשגאַסע 19.

## מיינונגען פון באַרימטע מענשען וועגען אַנטיסעמיטיזם

**מאָמסען טהעאָדאָר,** אַ דייטשער היסטאָריקער און יוריסט, מיטגליד פון דייטשען רייכסטאַג:

1. אידען פרעסעריי איז אַ חרפה פאַר אַ פאָלק.
2. אַנטיסעמיטיזם איז אַן אומנאַטירליך געוויקס פון פאָלקס־געווינען.
3. אַן אויסוואָרף בלייבט אַן אויסוואָרף און אַנטי־סעמיטיזם איז דער סענטימענט פון אַן אויס־וואָרף. עס איז געגליכען צו אַ שוידערליכער עפידעמיע, אזוי ווי כאָלערע, וואָס ניט מען קען דאָס דערקלערען, ניט היילען. פונדעסטוועגען מוז די פעסט אומבאַדינגט אַרויסגעטריבען ווע־רען. עס איז מעגליך, אַז דער שגעון, וואָס האָט פאַרנאַרישט אַזויפיל קעפּ און האָט אויף הונדערטער יאָהרען צוריקגעוואָרפען אונזער ציוויליזאַציע, וועט דאָך פאַרשווינדען.

לעוו טאָלסטאָי. אַנטי־סעמיטיזם איז אַ פּרינציפּלאָזער אימפּולס אויף אויפוועקען די ווילדקייט פון אומגעבילדעטער מאַסע געגען אַ נאַציאָנאַלער מינדערהייט.

פּראָפעסאָר עריק נעלטינג: גייסטיגע אָרימקייט פיהרט צו אַנטי־סעמיטיזם.

פּעטער רייזעגער: אַ פּאָעט, וואָס האָט בעקומען דעם פּרייז:

אַנטי־סעמיטיזם איז אַ שנאה, וואָס מוז באַקעמפט ווערען דורך מאָראַלער און עטישער אויפקלערונג.

דער קייסער פרידריך דער 3־טער: אַנטי־סעמיטיזם איז די חרפּה פון דעם יאָהרהונדערט.

מאַקסימיליאַן גראַף מאָנטדזשעלאַס: (אַ גענעראַל פון אינפאַנטעריע): אַנטי־סעמטיזם איז ניט קריסטליך, ווייל אַ קריסט פיהלט ניט קיין שנאה צו מענשען פון אַן אַנדער גלויבען. עס איז דער גענענזאַץ פון קולטור, ווייל אַ מענש, וואָס באַזיצט אמת׳ע קולטור שאַצט אָפּ זיינע מיטמענשען לויט זייערע פּערזענליכע כאַראַקטערשטריכען און דערגרייכונגען און ניט לויט פאָראורטיילען.

קאַרל באָסלער, פּראָפעסאָר פון מונכינער אוניווערזיטעט פאַר מיר, אַלס אַ ניט־איד, באַשטייט דאָס אידען־פּראָבלעם בלויז אין איין באַאומרוהיגענדער פראַגע: ווען וועלען מיר פּטור ווערען פון דער חרפּה פון אַנטיסעמיטיזם?

# ביבליאָגראַפיע

די אידען אין דייטשלאַנד, פון מאַרווין לעווענטהאַל, פּילאַ־דעלפיע, 1936.

די אידען אין דייטשלאַנד, אַמעריקאַנער אידישער קאָמיטעט, ניו־יאָרק, 1935.

דער אמת וועגען די „פּראָטאָקאָלען פון די זקני ציון", אַ פאָלקאָמע אָפּהאַנדלונג פון הערמאַן בערענשטיין, ניו־יאָרק, 1935.

אַן אַריינפיהר צום תלמוד און מדרש פון הערמאַן ל. שטראַק, פילאַדעלפיע, 1931.

מיינע עראינערונגען, פון דר. יוסף ס. בלאָך, וויען־בערלין, 1923.

כל נדרי, פון פּראָפעסאָר ישראל דאַווידסאָן, אין דעם אַמע־ריקאַנער אידישען יאָהרבוך, 1923, זייט 194־180.

אידישע ענציקלאָפּעדיע, ניו־יאָרק, 1905.

די ביבעל, תלמוד, משנה תורה, רמב"ם, שלחן ערוך, מקורות צו דער אידישער געשיכטע און ליטעראַטור פון דר. העקסטער, פראַנקפורט אַם מיין, 1928.

וואַפען אין אָפּוועהר־קאַמף פון דר. איטאַליענער, פילאָ־פאַר־לאַג, בערלין, 1920.

די ענטשטייאונג פון תלמוד, פון דר. ס. פונק, זאַמלונג גאָשען, בערלין־לייפּציג, 1919.

עיד און געליבדע, פון עמנואל בערענפעלד, פילאָ־פאַרלאַג, בערלין 1930.

אַנטי־אַנטי, טהאַטזאַכען צו דער אידען פראַגע, פילאָ־פאַרלאַג, בערלין.